ב. אַליעווסקי

# שאַכטע

(פּאָעמע)



פֿאַרלאַג „עמעס“
מאָסקווע 1933

Printed in USSR

יישוווים שטייענ אופ און ט'גייענ די קאָלאָניעס,
זיי לאָזנ זיכ אינ לאַנד אפ אָנענדלעכע ווערסטנ –
וואָס דערלאַנגענ אפנ מיזרעכ קיינ יאַפּאָניע,
און דערלאַנגענ אפנ דאָרעמ אזש קיינ פּערסיע.

פאַראַנ בא אונדז אי קורדנ, עסקימאָסנ,
אפ אונדזער דאָרעמ ערגעצ בלייענ אבריקאָסנ,
אפ אונדזער צאָפנ זאַווערוכעוועט און שנייט
סאַראַ ראַכוועס –
סאַראַ לענג און סאַראַ ברייט!..

אינ גראָוער אזיע – מיר קומענ אזיאַטנ,
פאַרגייט, פאַרגייט אָאזיסנ פונ רו!

זאוואָדן טרייסלען אויף דאָס לאַנד הייַנט פון די ראַטן,
זאוואָדן טרייסלען אויף די אַלטע שטאָט באַקו!

סע ראַשט דער נאַפט,
בענזין, דער קעראָסין...
די קעמלען עסן
הונגעריק פּאָלין,

און קוקן שטיל מיט אויגן פון אַ טאַם
אויף אונדזער פרייַלעכן און שטויביקן וואַגאָן.
און ווייַטער פליט אַ ליכטיקע מייַן באַן
דורך דאַגעסטאַן,
דורך גראָזני,
און דורך דאָן.

סע האַלט די זון דער קייַלעכ אין פאַרגיין
אונטער די שאַכטעס פון דאָנער באַסיין

און אונטער די שאַכטעס — דער בלוטיקער קייַלעכ
ער טוקט זיך, ער זעצט זיך פון אונטער לוגאַנסק.
און ערגעץ פון רוסלאַנד אויף טויזנטער מייַלן
קומט אָן דער אָוונט פון וואָלאָקאָלאַמסק.

ס'קען זייַן, אַז מע טרוימט
פון דאָנעצער באַסיין —
אַלע כאַוויירים
בײַ מיר אין דער היים.

און הערן ווי איבער
דער ערד און די יאַמען
ס'ע רופן זיי שיפן,
ס'ע רופן זיי באַנען.

אף וועגן אף אַלע ס'ע לויפן די צוגן,
מיט יוגנט, מיט אַלטע מיט בערדיק פּאַרלאָזטע.
מע פאָרט פון דובראָווגע, מע פאָרט פון קאַלוגע
אַרבעט געפינען אף גאַסן פון מאָסקווע.

זיי ווען מיסטאָמע שוין מוירן אַלע,
די דעכער פון קרעמל, פון „געט" און „דינאַמאָ".
ס'ע רעווען די צוגן פון עלעפּ וואָקזאַלן,
ס'ע רויכערן קוימענס אף דעכער פון „אַמאָ".

ס'ע סקריפּען די טירן פון אַלע אַנשטאַלטן
און אויטאָס צעשרייען דעם שטיין פון טווערסקאיא,
און ס'פּרווט מאָכאָוואַיא — מיט ענגשאַפט פאַרהאַלטן
דעם גיכן געלאָפּ פון די העלע טראַמוויען,

דעם גיכן געלאָפּ
אין עלעקטרישער נאַכט...
און מיך האָט צום שטעטל
דער צוג שוין געבראַכט.

איך דריי זיך אַרום שוין אין ליידיקן צימער,
מיין „צוועלעפער" לעמפּל דערגייט און דערברענט...

און אונטער דעם זעלביקן שטרויענעם הימל
האָט זיך שוין עפּעס אין שטעטל געענדערט:

פאַראַן אַ זאַוואָדל, וואָס אַרבעט אויס פעל,
און קוזניעס אַ ריי פון ברוסן דובאָווע.
פאַראַן דאָ אַ שוסטער, אַ שניידער־אַרטעל
און ס'רוישט נאָר פונוויטן אַ מיל אַ פאַראָווע,

און אַליניצע מאָלט נאָך... איך שטיי אויף פון בענקל,
איך ווייש אָפּ דעם פענצטער און עפן די לאָד:
עפל אַנטאָנאָווער וואָגיקע הענגען
און בייגן די צווייגן אין שיטערן סאָד.

און ס'שווייגן די עפל און ס'ראַשט ניט די לאָזע
און רויִקע ברענען אָפּ הייזלעך די שטערן.—
און איך בין געקומען אַפּס'ניי דיך פאַרלאָזן —
באַוואָרנט אין דעם — אַז אַ שטאָט וועט דאָ ווערן.

אָ מאָסקווע — די וועלטשטאָט! די ליבסטע פון אַלע —
ס'ע ראַשט דאָרטן רויִק דער „געט" און „דינאַמאָ".
ס'ע רעווען די צוגן פון זיבן וואָקזאַלן
ס'ע רויִקערן קוימענס אָפּ דעכער פון „אַמאָ"...

ניטאָ דאָ קיין קוימענס... איך בין דאָ געבאָרן
אונטער אַ הויכן פאַרוואַקסענעם דאַך.
דאָ פלעג איך קינדווייז דורך ווייצן און קאָרן
זען, ווי ס'גייט אָפּ זשיטאָמיר דער שליאַך,

ווי ס'גרינען די דערפער,
ווי ס'זינגען די שניטער
איך האָב א דערמאָנונג
א ווײַטע פארהיס נאָר.

א ווײַטע א גראָווע
א שווערע, א שטומע
דאָ האָט געבליט
און געצײַטיקט מײַן אומעט!

איך האָב אים שוין מער ניט!..
סע הודען די צוגן
סע נעמט אוף דעם טומל דער שטילער חאָקזאַל.
מיט רענצעלעך קליינע סע קומט אָן די יוגנט
זי פאָרט קיין דאָנבאַס און זי פאָרט קיין אוראַל...

און נאָך אין א צוויי
און נאָך א דרײַ יאָר
ווער וועט שוין דעמלט דערקענען מײַן דאָר!?

פון אײַך הייב איך אָנעט אצינד מײַן פּאָעמע
און זאָל מײַן פּאָעמע אײַך אלע באַווײַזן!
פון דיר הייב איך אָנעט, מײַן כאַווערל כעמע,
מיט דיר בין געוואָקסן אין הילצערנע הײַזלעך;

מיט דיר, ווי מיט ברויט, זיך געטיילט מיט דער פרייד
פון גיין אין זאַוואָדן, פון גיין אין די שאַכטעס...

...ס'האָט כּעמע באַטאָג זיך מיט אַלע צעשיידט,
סע גייען די צוגן דאָ אָפּעט באַנאַכט.

כ'האָב ליב דעם באַנאַכט!
זאָלן לעבן די שטעט!
און אַלע, וואָס לאָזן זיך איצט אין זאַווּאָדן!..
...ס'איז כּעמע באַנאַכט נאָך אַראָפּ פונעם בעט
און צעעפנט אין נאַכט זײַנע לאָדן;

די גאַנצענע נאַכט — די צעשטערנטע הויל,
זי קריכט דורך די נאַכטיקע שויבן —
פאַרשטאָפּט מיט א בלויקייט כּעמען דאָס מויל,
פאַרקלעפּט זײַנע אָפּענע אויגן.

און ווידער באַטראַכט ער די פינצטערע הויז
און עפנט די טיר, גייט אַרײַן אין דער שטאַל,
געעפנט די פאָרטקע, אינדרויסן אַרויס,
און אַוועק מיטן פערד צום וואָקזאַל.

ער גייט און ער ווייסט — ס'וועלן יאָרן אַוועק
און איבערן זעלביקן נאַכטיקן פעלד —
סע וועלן פון כוטערעס ווערן דאָ שטעט,
מיט שטיינערנע גאָרנס פאַרבויט און פאַרשטעלט...

און געווען איז אים גוט און געווען איז אים שלעכט,
ווי נעמט מען אצינדער דאָס פאַסיקע וואָרט
דערציילן דאָס גליק — ווען אַפּ ווייכער ערד
דערפילסטו פונוויַטן דאָס זיכערע אָרט.

ווען ס׳פֿײַפֿן די צוגן אין רויכן אין בלאָווע,
ווען ס׳וואַרטן די מענטשן מיט פּעק באַם פּעראָן,
ווען ס׳קומט אָן פֿונווײַטן אַ שײַנער פּאָטשטאָווער,
אַ ראָד צו אַ ראָד און וואַגאָן צו וואַגאָן...

אין וואַגאָן איז נאָך נאַכט. סע הודיען די סטױפּעס.
סע לױפֿן אַנטקעגן די וועלדער און ראַשן.
דער צוג מיט אַ טומל צעטרײַבט און צעפּושעט
דערשראָקענע פֿערד פֿון באַנאַכטיקער פּאַשע.

זידלען די פּאַסטעכס און שרײַען און שעלטן,
און ציאָסקען די פֿערד מיט געלאַשטשעטע ווערטער.
ס׳האָט כעמע באַם פֿענצטער פֿאַרהאָרבעט געשטעלט זיך
און זעט, ווי ס׳פֿאַרגייען די נאָענטע ערטער,

די הױכע קאַמישן
די סאָסנענע וועלדער
וווּ ערגעץ דורך קאָרן
און צײַטיקע פֿעלדער

קרעכצן די צווײַגן
אין פֿרוכטבאַרע סעדער.
עס ציִען אַף ווענגן זיך
פּאַסן פֿון רעדער.

סע רוט אַ צעוואָרפֿענער דערפֿל מיט כאַטעס,
מיט שטרויענע הײַזלעך צעווישן שאָסייען, --

װוּהין ס׳פּלעגט אים א ייִנגל נאָך פירן זײַן טאַטע
פויערים היגע מיט סוויטעס באַנייען,

באַנייען, באַלאַטען, באַציִען, באַסטריגען
און פון גרויסן אומעט, ווי די שנײַדער קאָנען,
אָט אזוי פאַרציִען אין דער שטוב א ניגן,
אז סע פלעגט די שײַן זיך זעצן בא איקאָנעס,

און סע פלעגט זיך לאָזן גיין זײַן טאַטע אָרן:
די מאַשין אַפּ אַקסלען, אין דער האַנט — געצײַגן.
כעמע פלעגט די גרינגע און די האַרטע באַרלעך
בא די גרינגע ראָוון טרייסלען פון די צווײַגן

אַך, ווען ער זאָל קאָנען איצט אַפּסנײַ געבאָרן
און ווי האַרטע באַרלעך אָפּטרייסלען די יאָרן!

יאָרן זײַנע יאָרן — פריִען און פאַרנאַכטן,
ער וועט טראָגן קליידער האַרטע פון ברעזענט,
און קריכן מיט א לעמפּל אין דער נאַכט פון שאַכטעס
מיט א שווערער קירקע אין די ביידע הענט.

און אַפּ זײַנע ליפּן רוט אַן אײַנגעשפּאַרטקײַט,
און ווען ער רעדט — איז הייזעריק דאָס קאָל.
די קינען אויסגעשטאַרצט מיט ביינערדיקער האַרטקײַט,
ווי ניט קיין ייִד וואָלט ער געווען, נאָר א מאָנגאָל.

א ייִנגל א מאָנגאָל — אין זאָטל־נעסט געכאָוועט,
מיט ווײַסער ליפּט פון ביינערדיקע ציין,

וואָס האָבן טראָפּנווייַז מיט בלוט געטאָטשעט
אַף יעדן וועג זייַנעם דעם האַרטן שטיין.

די פּאַסאַזשירן שטייען אויף שוין אין וואַגאָן,
און רייַבן זיך פֿאַרשלעפּערטע די ברעמען.
דער אַלטינקער קאָנדוקטער הייבט שוין אָן
צו אויסרופֿן פֿון סטאַנציעס די נעמען.

צו אופראמען
דעם נאכטיקן וואגאָן,
מיט קלומקעלעך און פּעק
סע קומען כעוורע אָן.

פֿון קליינע סטאַנציעס צעלאָזן זיי זיך אַלע,
זיי קומען אָן, צעגיין זיך און צעפֿאָרן.
און ס'קוקן נאָך זיי היימישע וואָקזאַלן
מיט אָפֿענע מיט רויטע סעמאַפֿאָרן.

און ס'קוקן נאָך זיי סטאַנציעס פֿון אָרשע,
פֿון טשערניכאָוו, פֿון זנאַמענקע, אושאַמער
און ס'קוקט מיט פֿענצטער טונקעלע האַראָשקע,
שעפּעטאָווקע, בעלאָצערקאָוו און זשיטאָמיר.

מע פֿאָרט אַף קערטש, ראָסטאָוו און דניעפּערבוי,
אַף אָרענבורג, אַף מאָסקווע, אַף בייַקאַל.
מיט אַלע קאָרפּוסן סע רופֿט דער טראַקטערבוי,
און ס'ענטפֿערט אָף דורך טויזנט וויאָרסט אוראַל.

ייִשווים שטייען אוף און ס׳גייען די קאָלאָניעס,
זיי לאָזן זיך אין לאנד אף אָנעגדלעכע ווערסטן,—
וואָס דערלאנגען אפן מיזרעך קיין יאפּאָניע
און דערלאנגען אפן דאָרעם אזש קיין פּערסיע.

פאראן בא אונדז אי קורדן, עסקימאָסן,
אף אונדזער דאָרעם ערגעץ בלייען אבריקאָסן,
אף אונדזער צאָפן זאווערוכעוועט און שנייט —
סאַרא ראכוועס —
סאַרא לענג און סאַרא ברייט!

מע גייט פון געגנטן
מע גייט פון קאנטן!..
אף א סטאנציע — א שטעטלשער, א שטילער
א ביסל א פארשלאָפענער אריינגעגאנגען איז יאנקל
א באָכערל אן אויסגעדארטס אין ברילן —

ער פאָרט א פּרווו טאָן זיך צום לעצטן מאָל...
אין טונקל העלפן אוף די אויגן זיינע מאטע—
צוויי פענצטער נאכטיקע פון עפּעס א שפּיטאָל
מיט טרוימען דאכלאָזע אין ווייסינקע כאלאטן...

סע פליט דער צוג א העלער אינעם יאָגן,
סע ווידערקאָלט דער סטעפּ מיט הויכן ראָד־געקלאנג,
און יאנקל האָט א קליינינקער זיך אָפּגעטראָגן
אין דער הייך, אזש אף דער דריטער באנק.

און ווי א קנוילעכל זיך דאָרט פארדרייט
און פארזיכטיק זיך לאנג באטראכט.

ס׳האָבן אַלע איבעריקע זיך אויך געלייגט
און ס׳האָט אין פעלד זיך אויך געלייגט די נאכט...

סע שלאָפט זיך ניט. סע רוט ניט יאנקל,
ער נעמט מיט הענט ארום זײַן אײַנגעהיצטן שטערן,
ווי ער וואָלט ציטערן—די טריט פון די געדאנקען
זאָל עמעצער אין שטילקײַט ניט דערהערן.

ס׳האָט פארטריבן אים דער מאָסקווער וועטער
דורכגעיאָגט, פארטריבן און פרעלישעט
און ס׳האָט צעשטערט, צערודערט אים די רו
און ס׳האָט אים די רעוואָליוציע — דערדישעט...

ער זעט ביז איצט דעם בערישטשענדיקן זאַל,
ער פילט ביז איצט — סע ברענען די פארדראָסן:
מע ראשט, מע שטימט. באשטימט געוואָרן:
אויסגעפײַפט און אויסגעשלאָסן...

און דאָרט אין סטעפּ,
אין אָנענדלעכן, שטילן,
מיט פליגלען גרויסן זיך
אין סטעפּ די מילן.

א פויער פירט אצינד דורך פעלדער גרינע
מיט אָקסן כאָכלישע פון פעלד דעם אקער.
אנטקעגן לויפט א צוג מיט פויערשע מאשינעס,
מיט מאויקעס פון ראָסטאָוו און טשעכאָסלאָוואקיע.

און כעמען האָט זיך איצט
אין פינצטערניש געדאַכט
ווי ערגעץ ווײַט
דורך אַלע זײַטן נאַכט

סע קומען מענטשן אָן אין כוטערעס פון שטרוי,
אין פּעלצלעך שאַפּענע, אין שטויב פון וואַנדערער.
און גאָרניט וועט ניט בלײַבן שוין אַזוי,
און אַלץ אָט דאָ וועט ווערן אַנדערש, אַנדערש.

ס'פאַרמאַכן זיך
פאַרמאַטערטע די אויגן;
אַזוי פיל סומנעקייט
אַזוי פיל גלויבן,

אַזויפיל ראַכוועסן, וואָס ציטיקן און גרינען,
און מײַלן ציִען זיך אָן סאָפּ, אָן צאָל...
און ס'טיילן אויס זיך זײַנע אויסגעשטאַרצטע קינען,
ווי ניט קיין ייִד וואָלט ער געווען, נאָר א מאָנגאָל,

וואָס וועט שוין גיך אין קליידער פון ברעזענט
די קוילן־הליבעס, אוראַלטע און האַרטע,
מיט קירקע שטאָלענער אין הונגעריקע הענט
הליבעסווײַז אַרויסרײַסן פון שאַכטעס;

און סווישטשען וועט אין נאַכט דער „קאָנאָהאָן",
סע וועלן ברעכן זיך די פעלדזן און די שטיינער...

און סטראָגט זיך ראַשיק, שנעלער דער וואַגאָן
אַלץ נענטער צום נאַכטיקן באַסיין.

און ס'ווילט זיך אים אַ ראַשיקן אַ ריס טאָן,
אַ הייב טאָן זיך פֿאַר שטערנדיקער העלקייט

היי, גי־יכער,
גיכער, מאַשיניסט
גיב די העכסטע שנעלקייט!

פֿונוויַיטן ברענען רויט די דאָמנעס פֿון דאָנבאַס,
עס ציטערט אויף די נאַכט מיט הודעריי פֿון באַנען,
און ניט סע רוישט די ראַדיאָ פֿון ט.א.ס.
סע שרייט מיַין פֿרייד, מיט ראַש פֿון טעלעגראַמעס

פֿון גאַנצן לאַנד, פֿון הילצערנעם, פֿון שטרוי
סע ציִען זיך די טויזנטיקע מאַכנעס
צום אָסינבוי,
צום טראַקטערבוי,
צום אויטאָבוי,
צו די קוזנעצקער און דאָנעצער שאַכטעס.

— דאָנבאס? אור־רא! אָ זע גאָר וויפל שטערן!
סע לויפן פּאָיעזדן, מע גיסט אויס שטאָל —
און סארא רויטקייט! זע וויפל לאמטערנס
און וויפל קוימענעס, אָ זע גאָר, פּאראמאָל!

סע שמעקט מיט קויל. סע טונקלט זיך און העלט,
און כעמעס פּאָנעם ווערט איצט קינדערשער און שארפער:
דאָס ערשטע מאָל דערזעט ער היינט די וועלט —
די צווייטע וועלט - פון ארבעטער באשאפן.

דאָס ערשטע מאָל האָט כעמע היינט דערזען:
א געלער רויך גייט אויף אפ אויוונס פון מארטען,
א ווייסער רויך גייט אויף פון אלע דאָמנעס —

און שווארץ —

פון ארץ

פון סלאנצן און פון קאָקס —

א בלוטיקער, א רויטער אָקס,
אין ברענענדיקער וואָלגע פון טשוהון
גייט זיך אָנפּאָיען די זון.

ס'גייט אוף דער טאָג —
סע יאָגן זיך די באנען —
סע קרעכצן שווער די הייבערס און די קראַנען
מיט העלדזער קעמלשע אין גראָווער ווײַס

א שאכטע שרײַט:
און פריִער דין הייבט אָן „מאריִע"
גרע-עבער ענטפערט אָפּ „גלאדקאָווקע"
גראָ־אָב דער „ביס"
און הייזעריק „בוטאָווקע".

הודאָקעס רעווען הויך —
די לופט מיט מעש צעליארעמען.
סע שטייען אוף פארשלאָפענע קאזארמעס
סע סקריפּען טירן שוין און ס'עפענען זיך לאָדן.

פון אלע זײַטן וועלט —
סע הודען די זאוואָדן
אין טאָג פארויכערטן,
אין טאָג אין קלאָרן.

אין אַלע זייטן סטעפּ
באַווייזן זיך שאַכטיאָרן,

און אין דער טונקעלעניש
די לעמפּעלעך —
סע פינקלט און סע ברענט
שאַכטיאָרן טראָגן אום
אַ שטערנדיקן הימל אין די הענט...

סע טי־אָגן הענט, סע קלינגט מיט שטאָל מיט דינעם...
ער קוקט זיך אום, ער וויל זיך פריילעך מאַכן.
די הויכע הוקענדיקע הייב־מאַשינ
לייגט זיך שווער ווי אָסיען אַפן האַרצן.

סע ראַשט דער הויף. סע ברענט די סאָפּ פון נאַכט.
ער דרייט זיך איין אַ קליינינקער פאַרהאָרבעט
— דאָס איז זי?
אָט דאָס איז אונדזער שאַכטע?
אַהינצו לאָזט מען זיך אַראָפּ מיט די קאָרבן?

און זעצט זיך צו אין ווינקל אַפ די שטיינער:
האָסט גאָר מוירע? שעמסט זיך גאָרניט, כעמע?
... דו וועסט אויך אַנטלויפן דען אַהיים?
דו וועסט אויך באַליידיקן דיין קעמערל?!..

ער נעמט אַרום די קני מיט זיינע הענט,
שפּאַרט אָן דעם קאָפּ, פאַרוקט זיך אין אַ ווינקל.
געזונטער — זעט ער אויס אינעם ברעזענט
און אַנדערשער — ווי ניט קיין שטעטלש יינגל.

...אין גרויסן קײַלעכיקן גלאנציקן קארטוז
פארבונדן און פארגארטלט אין די שטריק זײַנע;
ריבאלקאָ־סטוף — דער עלטסטער קאדראָוויק
מיט אויגן מוטנע — גראָווע ווי געשטיין
און סקולעס האָריקע — צוויי גראדע שטיינער
האָט כעמען לאנג גענומען צו באקוקן
א גלײַך געטאָן דעם קײַלעכיקן רוקן:

— טשאוואָ, סינאָק —
דעם ערשטן טאָ־אָג?

און פיפקענדיק מיט רעדעלעך פון רויך,
וואָס גייען אויס און ווערן לויטער, דין,
האָט ער זיך גראָוו
פארבויגן איבער אים:
— דעם ערשטן טאָג?
— ערשט הײַנט בין איך געקומען...

— הודקא דאיאָש!..
ס'איז שרעקלעך אים געוואָרן.
ער הייבט זיך אוף. סע רינגלען אים ארום
אזויפיל ערנסטע און עלטערע שאכטיאָרן.

כעמע הויקערט זיך. ער שטעלט זיך בייז אוועק.
סע פאלן שווער די טראָפּנס זײַנע קאלטע:
— אויסגיי־ן! —
ניט ארויסווײַזן די שרעק!
— שרעקסט זיך?! — בייגט זיך אָן ריבאלקאָ

עכ „זיוזיוקעלעכ״
זיכ נאָכ ניט צוגעוווינט!
הייב העכער אופ —
נו, הייב שוינ אופ דעם קאָפ!
אָט איז די שאכטע שוינ
אונ--נא־א
אונ
סטאָ־אָפ!

אָט איז די שאכטע־שטאל—באמאָווערט אינ צעמענט
ער הייבט דעמ לאָמפ, — סע ווערט א ביסל העלער,
ער שטעקט א בלינדער אינ דער פינצטערניש די הענט:
זע נאָר —
פונקט ווי אינ א קעלער!

מע זעט נאָר פיס.
סע ציטערט שיינ
אפ נאסע ווענט מיט פוכיקייט פונ שימל,

דער שווארצער פלאסט פונ שטיינ —
ער בלענדט מיט ווייסער שיינ
מיט ניט גערירטער רו.

ריבאלקאָ בייגט זיכ צו:
— שוינ דרייסיק יאָר, אז איכ די ערד קאלופע,
אונ איר —
איר ציטערט, האָלעפּופּעס!

ער גליטשט זיך און גייט
ער גליטשט זיך און וויל זיך איצט פארהאלטן
און —
טראך אין באלקן.

זיין שווערער לאָמפּ מיט שיין
פירט אים דורך הײלן אויס
אין שווארצע הײלן איין;

אן אונטערערדישע גייט אוף פאר אים די וועלט —
אזא אָנהײמלעכקייט! —
אזא מין אָפּגעגנארטער! —

אזוי פיל שיין זיך אלצדינג פאָרגעשטעלט
און ניט אזא דערזען זי — די שאכטע...

...דער קלוב איז פול. פארנומען אלע ערטער.
און ער — ער רעדט, ער האלט א רעדע כעמע.
אלע ריידן. אלע נעמען ווערטער:

— געדענק,
דו פאָרסט,
פארשעמ ניט אונדזער קעמערל!
פארגעס אין אלץ
און קער זיך ניט אין שטעטל!..

...און סעדער בייגן זיך אין שווערקייט פון די עפּל.
שטיבלעך פויערשע, ווי קאָפּעצעס מיט שטרוי
מיט גרינע יאסינעס, אָסאָקעס און קאמישן...

— וואָס ראַשט עס דאָ אזוי,
וואָס גיסט זיך דאָרט און לישעט?!

— די באַלקנס טרעסקען זיך.
סע קרעכצט די ערד —
די גראָווע שטיינער־מאַסע!

פון ערגעץ רינט
און בולבעט זיך דאָס וואסער
דורך שפּאַלטן פינצטערע זי בלאָנקעט, בלאָנקעט.

סע קרעכצן הייזעריק די גרויסע פּאָמפּעס,
קליאָקען,
זשליאָקען,
שלעפּן זי פון נאַסע קאָרידאָרן.

ווו־ניט־ווו
א הייפעלע שאכטיאָרן,
קופּקעסוויַיז,
אַליין,
מע האקט דעם קוילנשטיין,
מע דרעלעוועט די ווענט,
מע רוט זיך אָפּ,
פאַרלייגנדיק דעם מידן קאָפּ
אף שווארצע הארטע הענט.

אף הארטע הענט, און אָנגעשפּארט, און גרוי
מע הייבט די לעמפּ — סע ווערט א ביסל ליכטיק.

סע גלאַנצט נאָר פּעט דער פלאַסט אינעם „זאַבוי"
דאָס שוואַרצע בלוט — די זאַפט פון אונדזער ווירטשאַפט.

און כעמע טוליעט זיך. ער שפּאַרט זיך אינעם באַלקן...
— וואָס שליאָנדערט איר?! — שרייַט אויס צו זיי ריבאַלקאָ —

געפעלט אייַך ניט?

געפעלט אייַך ניט די שאַכטע?
— די שאַכטע איצט — באַלויכטן און צעשטערנט
קוקט, בייַסטרוקעלעך, ווי מענטשן אַרבעטן
נו, קוקט און לערנט זיך!

און שטשעמעט אייַן דאָס געלע רעשטל צייַן
און, הויך צעוויגנדיק די האַק אין הוילן,
באַ־אָך — אַ בלישטשענדיקער שטיין
אַ שוואַרץ־געשליפענע — אַ הרודע קויל!

— איז וואָס, זיוזיוקעלעך, —
וואָס זאָגט איר עפּעס, האַ?!

נאָר יאַנקל ענטפערט ניט, ער דריקט זיך צו די שטייַגער:
— אוי, אַן ענגשאַפט — אוי, ווי איך בין מיד!
און ווערט נאָר קלענער — אַ פּיצעלע, אַ קלייַנס,
ווי ער וואָלט נעבעכדיק געגאַן פון אַ יאַריד.

און שטעלט די אויערלעך די קלייניקע צווייַ אָנעט;
— כעמע, יאָ? — האָסט גאָרנישט ניט געהערט?!..
...אַ לאַנגער סווישטש פון ווייַטע קאָנאָהאָנעס,
אַ קירקע־קלאַפּעניש, אַ טאָפּעניש פון פערד.

א ווײַטע בוכעניש, א פּאַפֿעניש פון קוילן
עכ - אנ ארבעטנ! און ס'גיט א ציטער כעמע:
— וואָס זיצנ מיר דאָס, יאנקל, ווי די גוילעמס?

און רײַסט די העמד.
זײַנ ברוינ, און האָריק לײַב
האָט אָפּטער זיכ געהויבנ,
און ליכטיקער - די אפּלענ אינ די אויגנ.

ער לייגט זיכ אפ דער זײַט.
ער לייגט זיכ אינ דער לענג

ענג!
ענג!

ביז מינדסטע פעדעמלעכ די נערוונ זײַנע וואכנ,
סע דוכט זיכ אימ,
אימ דוכט זיכ פּלוצעמ אויס,
אז מיקאָלע און ריבאלקאָ לאכנ.

ער שנירעוועט די ציינ,
מיט אלע קויכעס האקט און זעצט
אינ פלאסט פונ קוילנשטיינ.

סע קלאפּט דאָס הארצ.
אינ אויער הודעט.
סע פאלט און קרישעט זיכ
די שווארצע הרודע.

דער שטויב פארשטעלט דעם לאָמפּ
די גראָוע שײַנ.
די קירקע עסט זיך אײַנ.

ס'איז כעמעס לײַב אינ שטויב
ס'איז דושנע
היים —
אונ בלאָטיק־שווארצע ריטשקעלעך פונ שווייס
לאָזנ זיך אראָפּ, אראָפּ
פונ בלאָטיק נאסנ קאָפּ,
פונ בלאָטיק נאסנ קאָפּ
אפּ גראָוער שטיינער־מאסע:

— כאווײדים, נו,
נו, גיט א ביסל וואסער!

סע בלישטשעט נאָר די ווײַסקײַט פונ די ציינ,
סע העלנ רויט די ברענענדיקע אפּלענ.
אפּ אָנגעהאקטנ בארג מיט שטיינ
ז'ער ערשטער שווייס זײַנער - קאפּעט, קאפּעט.

ער דריקט צונויפ די נאָיענדיקע גלידער,
לייגט זיך אפּנ קויפנשטיינ אנידער,
לייגט אוועק דיביידע הענט צוקאָפּנ.
פאמעלעך קײַקלענ זיך אונ קײַקלענ זיך
די שווייס־טראָפּנ.

ס'פארמאכנ זיך פארמאטערטע די וויִעס.
סע וואָרגט,

סע שנײַדט:
מיקאָלקע לייגט אוועק דעם קאָפּ אויף זײַנע קני׳עס —
זיצט און שווײַגט.

געקומען איז אהער
מיקאָלע פונעם דאָן.
ווי אַלע יאָרן
ער גייט אפּן סעזאָן.

ערגעץ לעם ראָסטאָוו פאראן איז א סטאַניצע,
א שטיבל האָט ער דאָרט געדעקט מיט טשערעפּיצע,
א טיפן ברונעם בא א נידעריקן פּלויט,
א פאַרוואַקסענעם מיט ווערבעס און מיט לאָזע...

...און א מיידל האָט מיקאָלע דאָרט פארלאָזן:

אוך, סאַראַ מיידל!
ווען זי בינדט זיך אונטער דאָס טערקישע שאַלכל
דאָס גרינע — מיט רויטע צעלאָזענע קווייטן,
און גיט עס א דריי זיך און גיט עס א הילעך,
און אונטער קורנאָסינקן טײַערן געזל,
אז ס׳גיבן די ציין זיך די ווײַסע אן עפן,
ווי ס׳וואָלט נאָך אין מײַלכל געגליווערט די מילעך —

כאַפּט אים ארומעט אזא מין בענקשאַפט,
ער גיט זיך א הייב אויף
א דריי אין דער ענגשאַפט.

און קוקט מיט פֿאַרבײַזערטע אויגן אין שאַכטע...
און יאַנקל צעעפֿנט די אײגעלעך שמאָלע
און קען ניט פֿאַרשטיין, נאָר — באַקוקט און באַטראַכט אים:
— פֿאַרוואָס זאָלסטו זיצן אין שאַכטע, מיקאָלע?

א סאָציאַלע

א זעלטענע לאַגע...
עך, ווען איך האָב אזא גאָלדענע לאַגע!..

און ס'ווילט זיך אים שרעקלעך און זײַער צעווײַנען
פּאַשעט צענאָיען, צעקלאָגן זיך אזש:
געקומען זיך שמאַדן,
געקומען דאָ האַווקען —
געקומען אהערצו — פֿאַרדינען א סטאַזש,
שמאַדן זיך דאָ, אפֿ פֿאַרדינען א ספּראַווקע...

— אָך איז פּאַסקודנע, אז ווי איז אונדז, ווי —
און ווערט אזוי כמורנע און ווערט טאַמעוואַטע —
— יאַנקל! — רוקט נעענטער צו זיך איצט כעמע —
מיט וואָס האָט פֿאַרנומען זיך, יאַנקל, דײַן טאַטע?

גאָר ס'ענטפֿערט ניט יאַנקל
באַטראַכט די שאַכטיאָרן
און הערט ווי דער צוג־לופֿט איצט וואָיעט צעצויגן....
איז כעמען דערעסן אצינדער געוואָרן
דער יאַט מיט די כמורנע פֿאַרומערטע אויגן.

הייבט ער זיך אופעט,
הייבט אופעט דעם לאָמפּ
און פאַרזיכטיק לאָזט זיך אוועק מיטן שטרעק;

און צווישן די שטיינער
און צווישן דער ערד
שטויסט אָן זיך אין בלינדן
אין שאכטע־פערד,

שווייגט ער דער איינציקער גוטער באַלכיי
בא דעם לעמפעלע־פייער.

און צווישן דער נאַכט
און צווישן די שטיינער
האָט כעמע דערפילט זיך אזוי פיל אליין,
אז ער איז ארופ אף דער קופּע „פאַראָדע"
גענומען עס גלעטן די פערדישע מאָרדע —

— באָסיאַקעלע טייערער!
סע בלויט זיך דאָס לעמפל,
סע ציטערט דער פייער.

פינטלט „באָסיאַק" מיט די לעכער די בלינדע
שטעקט אויס זיינע ווייכע געעלטערטע ליפּן
און ציט זיך צום לעמפל... סע שטעקן אין פינצטער
און סטאַרטשען ווי אָבעדעס שווערע די ריפּן,

און ס'הערט זיך אין שטילקייט דער שאָרך פון די ביינער,
דער אָטעם דער שווערער — פון פערדישער מאָרדע...

...ניט ס'קרעכצן די העלצלעך פון אונטער די שטיינער, –
נאָר כעמע האלט אונטער דעם בארג מיט פאראָדע.

ער פילט עס אזוי איצט — אין וואלגער פון שלאק,
ער גייט און ער גייט אין א ווײַטן מעהאלעך,
און ניט קיין מאיאָווקע
און ניט קיין פאריאד
נאָר איין האָרעוואניע פון אויסקנעטן קאלעך,

פון אופלייגן ציגל,
פון בויען א לאנד
פון רײַסן די לאוועס, די ליידיקע הוילע...
— עך, ווי ס'איז שווער צו באקומען די קוילן!..

...נידערט און נידערט אין „ברונעם" דער קאָרב,
סקריפעט און קריצט אַף די גלאנציקע בלאָקן.
ס'האָט גאָרניט איצט כעמען
גאָרניט געשראָקן.

ס'האָט ערגעץ ריבאלקאָ
צי עפשער מיקאָלע —
פארדרייט א צוויגאָרנדע הילכיקע קלאָלע
ווי נאָר די שאכטיאָרן די קאדראָווע קענען:
דע צע טי בע־מ־א!

און כעמע האָט העכער
אין שטילקײַט געשריען,

געכאזערט די קלאָלע:
— ווי ביסטו־ו?
מיקאָ־אָ־לא־א!..

---

און גיך מיטן קאָרב פון דער שאכטע ארויס
— וואָס טוט זיך?
— מע-שו־גע!

ס׳איז קיינמאָל די ערד ניט געווען אזוי גרויס
און קיינמאָל מיט זון ניט געווען אזוי פול!..

ער ווישט און צעשמירט אפן פאָנעם די קוילן
צענעמט זיינע הענט און פארזשמורעט די אויגן:

— אוי סארא ליכטיקער הימל פון אויבן!
— זע סארא בלויקייט ס׳איז איבער דער שאכטע,
אוי, איבער דער שאכטע...

— וואָס קווערסטו?
— וואָס לא־אכסטע? — ווישט יאנקל דעם שטערן:
פארברענט זאָל עס ווערן!
סע ציט פון די ביינער
סע סמאקעט דער קליאָק!..

— וואָס בלאָזסטו די ניאָניע אפ אונדזער „אוליאנע”!
— אנושקא-אניא

ביזט זייער א גוטע, ביזט זייער א ווילדע!

אינגאנצנ פארשמירט אונ א שווארצע פונ קוילנ
זי קעמט מיטנ קעמעלע גרינעמ פונ ביינ
אונ ס׳גיסנ זיכ אָנעט מיט מילעכ די ציינ,
אונ ס׳גיסנ זיכ אָנעט די ליפּנ מיט בלוט...

ס׳איז קיינמאָל ניט כעמענ
געווענ אזוי גוט —
קיינמאָל פאר טעג
אונ פאר נעכט
אונ פאר יאָרנ..

ער לאָזט זיכ אוועק מיט א קוטשע שאכטיאָרנ.
סע בײַטנ אינ סטעפּ זיכ באטאָגיקע וואכטעס.

סע הודיענ די שאכטעס:
פּריִער דינ הייבט אָנ „מאריִע"
גרע־עבער ענטפערט אָפּ „גלאדקאָווקע",
גראָ־אָב דער „ביס"
אונ הײזעריק „בוטאָווקע".

●

א יִשעוו־גאס — א שורע ווײַסע הײַזער,
א הימל — א פארזיכערטער, פארברענטער.
ס'איז כעמע איצט ארויסגעגאנ פונ קרײַזל
אינ ספּעצאָווקע אינ דער הארטער, דער ברעזענטענער.

שטיקער רויטע כמארעס יאָגנ זיכ פונ אויבנ;
קאזארמעס צינדנ אָנ פּירעקעכיקע אויגנ —
וועלדער קוימענעס אונ ווײַטע האָריזאָנטנ —
יאָנטעוו!
יאָנטעוו! יאָנטעוו!

מיט וועמענ טײלנ זיכ, אויב אלע זײַנענ פרעמד נאָכ?
— שטערנ גייענ אופּעט קײַלעכיקע גרינע. —

ערשט הײַנט פֿארנאכט האָט כעמע זיך באקאנט דאָ,
דערזען הײַנט אן עמעסע מאשין,

געהערט איר רויש,
איר צײנערדיקע שטאנגע...
...און ס׳ווערט אזוי אים גוט פֿונעם געדאנק:

אין שטעטל איצט — ווען ס׳קען אזוינס געשען, —
ער קומט אראָפּ, ער שטעלט זיך אלצדינג פֿאָר:
ער גייט עס דורך — און זאָל דאָס שטעטל זען,
אז ער איז אויך אן עמעסער שאכטיאָר:

ער דריקט די הענט... און פֿרײלעך שמייכלען קעפּ:
סע גרוסט אים אויך דער שטעטלדיקער הימל...
...אזא מין גליקלעכער — ארופּעט מיט די טרעפּ
איז ער ארײַן אין זײַן קאזארמע־צימער:

אין צימער טונקל איז... אין שטילקײַט אײַנגענורעט
איז עפּעס אָנהיימלעך געוואָרן כעמען.
מיקאָלע שטומט. מיקאָלע איז פֿארכמורעט
זײַנע ליפּן ניט צעפּענען, צענעמען:

אף פֿעלדער אייגענע, אף פֿעטן רויערד —
קאָרן מעלייצעט, „פֿאר״ געאקערט...
ווי ס׳וואָלטן פֿון אים הײַנט די זיידעס גענאָיעט,
די טאטעס געזונטע — די דאָנער קאָזאקן,

דערשרעקן אים פּלוצעם די נאכטיקע מאָלקעס,
די דאָנער מאָהילקעס, די הארבסטיקע וואָלקנס.

„אָסיִעג — האָט בייזער געבורטשעט מיקאָלע—
ס'וועט מאָרגן זיך קלעפּן דער סטעפּ צו די טשוניעס.
„אָסיִעג — האָט ער פאַרצויגן אַ קלאָלע —
„מע קער שוין פאַרפּירן די טווע אין קלוניע,

„די סקירדע אין שײַער, די שטרוי און די זוימען...
„מע קריכט עס אַרויף אַפּן וואַרעמען אויוון —
„עך, ווי ס'איז גוט —
סע וואָיעט דער ווינט אינעם קוימען
„און קלאַפּט אין די שויבן"...

מיקאָלע איז כמורנע. ס'וועט אויפרײַסן באַלד —
דער בערג־געווויי נאָך דער גרינער בערלאָגע:
און וויפל פאַרהאַלט ניט — סע ציט אים אין וואַלד,
צוריק צו דער אַלטער פאַרוואַקסענער לאָגע.

— „מיקאָלאַ! איז הערסטו? איז פּאָלגסטו מיך, האַ?
„הער אויף דײַנע נארישע שמאָכטעס פאַרפּאַקן;
„ראָסטאָווער „גיגאַנט" אַפּ טויזנטער האַ
„דײַן כוטער וועט צענעמען און צעאַקערן,
„איין ערד־מאַסיוו — דורכויסיקער ראַיאָן!..."

— „אַפּ דאָן! אַפּ דאָן!
„גערעכט מיקאָלאַ!.. רעכט!" —
האָט יאַנקל אויפגעטאַנצט,
אַ הייב זיך פון דער ערד.

— דו מיינסט? סע איז מיקאָלע ניט גערעכט?
איך האָב זיי — אין דער ערד!

וואָס זײַנען מיר? די פּלאַסטנ זיי קאַלופּענ!?
געפינענ עס אנ אָרט דאָ פאר די יידנ!..

...אזוי —
האָט יאנקעלע געשריבנ:

„מײַנע טײַערע אונ ליבע טאטע-מאמע!
איכ בעט אײַכ זייער —
שיקט א טעלעגראמע,
אז עמעצער איז קראנק, קלוימערשט, אינ שטוב...

ס'איז זייער שרעקלעכ ארבעטנ אינ גרוב.
איכ הונגער דאָ. איכ גיי אראָפּ פונ פּאָנעמ.
איכ לעב דאָ צווישנ עמעסע גאזלאָנים.
איז ראטעוועט —
איז שיקט א טעלעגראמע!..“

..אונ א צופרידענער זיכ אויסגעלייגט אינ בעטל:
אוי — וועט זיכ א ביסעלע דאָרט טאָ־אָנ!
סארא טומל וועט עס ווערנ אינעמ שטעטל,
אז ס'וועט ברענגענ אָט דעמ בריוו דער פּאָטשטאליאָנ!..

אונ שטיל זיכ אויסגעדרייט א גוטינקער צו כעמענ:
— בייז? פארוואָס? — איכ האָב דאָכ נאָר געלאכט —
אויב יעדנ שפּאס וועסטו ערנסט נעמענ,
קענ מיינענ עמעצער, אז איכ בינ קעגנ שאכטעס...

האָט זיכ אָנגעגאָסנ,
אָנגעשווערט מיט נאכט

יעדער כעמעס אויסגעהאקטער וואָרט,
און ס׳ווילט זיך אים א הייב טאָן פונעם אָרט,
אזוי אים כאָטש פארפאָרן אינעם קאָלנער:

— שווייַג!
ניט כניטשע —
מאלאנכאָלנער!

— פארשטעק זיך! שווייַג! — איז צוגעגאנ מאנאנ
און גרויס און קלייַענדיק און קייַלעכיק זייַנ פּאָנעם,
ווי איבער הייַזלעך ליימענע פון היימ זייַנער טאנדזשאנ
וואָלט אופגעגאנגענ גרויס זייַנ טאָטערשע לעוואָנע:

— פּאראָדע נימעסע! שליאָנדערשע פּאראָדקעס!
סע פעלנ הענט און זיי — מע זיצט פארכמורעט.
מע קריכט פונ קאָליִע, מע פּראוועט „לימאָנאדקעס"
און ווי וואגאָנטשיקעס בא „אָפּנייגנ" „פארבורעט"!

— סע פעלנ הענט! סע פעלט דאָ קויפּנשטיינ!
און זיי באהאלטנ זיך, זיי לויפנ פונעמ שטורעמ!
כעמע בייגט זיך צו:
— אָט דאָ איז אונדזער היימ!
און ער — וועט אויך ניט פאָרנ שוינ אפ דאָרעמ!

דאָרעמ!
בערג!
גוט נאָר פאר טוריסטנ!

מאנאנ פלעג פאשענ שאָפ מיט יאגלי דעמ טשאבאנ,
א ביטערער נאָרד־אָסט אינ פאָנעמ האָט געשמיסנ,
גענאָיעט מיט געפײַפ פונ וואָיענדיקנ יאמ...

* * *

עכ, דאָרעמ! דאָרעמ!
בערג אונ יאמ, לעגענדעס אונ קוראָרטנ,
הײַזלעכ לײמענע — אי דאָ, אי דאָרטנ!

דאָרעמ־װיגעלע אונ טאָטערקעס אונ גראָז,
א מײַסע מיט א כאנ...
— א היצ אינ פאראװאָז!

...אונ ניט צומ יאמ, אפ דאָרעמ־בערג, אפ אויבנ —
אז ס'הייבנ אָנ די שטיינער אינ מיר וואקסנ,
איכ גיי א דאָרשטיקער זיכ אָנטרינקענ מיט גלויבנ
צו לענינענ,
צו מארקסנ.

סע זאָלנ צוגווינטנ ניט וואגנ מער, —
איכ האלדז די ליד. איכ שטעל זיכ אפ דער וואכ
אונ דריי זיכ ארומ, ווי א מיליציאָנער
אינ א שטורעמדיקער ווינטער־נאכט.

אונ נאָר דער קאָפ — אינ ליכטיקייט ער בורענט.
אונ אפ די אויגנ — אופגעהאקט די לאָדנ:
סע וויגט זיכ דער אָפשײַנ אפ לײמענע ווענט —

די שײַנ פונ די אויוונס,
דער ראש פונ זאוואָדנ.

פונ „רעלסנ־וואלצערונג“ — די רויטע געשרײַענ,
ווי ס׳וואָלטנ די לאָמענ געטראַסקעט די זונ,
וואָס גיסט זיכ א בלוטיקע איבער מאַקייעווקע
מיט ליכטיקע וואָלגעס טשוהונ.

די קאָקס־אויוונס צינדנ די נאכט מיט די פלאמענ,
אונ ס׳זעצנ די פונקענ פונ אונטער די לאָמענ,
סע שטורעמט די פלאסטנ די שווארצע „סמאָליאנקע“,
אונ סטאלינאָ צינדט אָנ די נאכט מיט די דאָמנעס.

אונ כעמע שפרינגט אופ אזש — אינ אויגנ אינ שמאָלע
א פרייד גייט דאָרט אופ — א זונ א צעהיצטע!
— „אוי, סארא שיינקײַט! — „טשאוואָזש־טי, מיקאָלא“ —
„אונ דיכ ציט גאָר איצט, אינ דער ערד, אינ סטאניצע!..

אינ דר׳ערד, אינ סטאניצע!..
— וואָס האָסטו זיכ איצטער אינ סוויטע פארקוטעט..?!

אוכ, ס׳ארא שטורעמ — דער ראש פונ דער בויונג
טראָגט זיכ איבער די שטרויענע כוטערס —
פונ ראנד אונ ביז ראנד —
אינ ערשטנ פעריאָד פונ סאָציאליזמ,
אפ דער דריטער שנעלקײַט טראָגט זיכ דאָס לאנד!

סע פליִענ די צוגנ אינ גיכנ געיאָג!

*
* *

גוטמאָרגן, כאַווײַרים,
גוטמאָרגן דעם טאָג!

גוטמאָרגן דעם הויכן געפּיפּ פון סירענעס,
זאַוואָדן און שאַכטעס פון גאַנצן אַרום!
ניט ס'רופן זיך איבער אין ראַטנלאַנד הענער,
סע רופן סירענעס אין שאַכטע די זון.

אין לאַווע, אין „אויוון", אין שטויב פון עם שטיינקויל,
אין פלאַסטן אין שוואַרצע, אין גראָבע פאַרשטעלט,
האָט כעמע דערפילט עס,
אַזוי ווי ניט קיינמאָל:
מיט אַנדערע אויגן ער זעט היינט די וועלט —

א גרויסע, א יונגע אַזאַ, ווי ניט שטענדיק...
ס'האָט זיך די אַלטע געשיכטע געענדערט —

און נאָך אין א צוויי
און נאָך א דריי יאָר —
ווער וועט שוין דעמלט דערקענען דעם דאָר?!

און געזען האָט איצטער דער נידריקער כעמע
אַן אַנדער פאַרטאָג און אַן אַנדערן הימל,
און האָט זיך בעעמעס דערפרייט און פאַרשעמט,
ווען אַניע איז פרייליך אַרויסעט צו אים...

ווען זי איז אַרויסעט א פולע ווי רויערד
און פריילעך אַרופּעט צו אים אָפּן גאַנעק:

— הער נאָר, כעמא! — (און אין אויער:
קום שפאצירן, קום פונדאנען!)

ס'איז די ערד פון זון צעטראסקעט
און די לופט פון ראש צעהלישעט.
ס'וויגן גרינג זיך אניעס אקסל
און ס'פארגייט פון אויג דער יישעוו,

און די קוימענס פון זאוואָדן,
און די גלייען פון די שאכטעס...
ערגעץ שלעפן שוין די וואכטעס
אונדזער טאָג דאָרט „נא-האָרא"

סע גליט דער סטעפ
די רויטע היץ פון טראָפּיקעס,
סי קלאפט די זון אין הימל מיט די קאָפּעטעס,
א דאָרעמ-זון —
א גו-וטע זון!
ווי אפ דער האנט אינגאנצן דער ארום!

צוויי רייען געסעלעך שאכטיאָרישע פון ליים,
רויטע פראכט-צוגן פון הודענדיקע באנען,
קאזארמעס ליכטיקע — געבויעטע פון שטיין,
און אָנ'אָ ווײַט — די רויכיקע „אוליאנע",
דער מעטאלורגישער,
דער נײַער קאָקס-זאוואָד...

און אונטערביידע דלאָניעס — נישטערן די אויגן:
איבער אלע דעכער, איבער שאכטע-הײַזער —

אף „אוליאנעס“ ראמע שװײַגט די ראָד פֿון אויבן
אף דער הויכער ראמע אינ געפֿלעכט פֿונ אײַזן.

אונטער הויכער ראמע, אינ דער ערד פֿאראָיעט
ערגעץ הערט מענ קירקעס, ערגעץ הערט מענ לאָמען.
אונ סע הערנ שמאָלע פֿינצטערע „זאבויען“
דעמ געוווי פֿונ אלע הונגעריקע דאָמנעס.

— אזוי װײניק קוילנ זעט די עסטאקאדע,
זאָל אוועק אנ ארבעט! ס'זאָל אזש גײנ א רויך!

עך, אניא, ווייסט — מיר שאפֿנ א בריגאדע...
נאָר אניע שווײַגט:
— פֿארשטייסט? —
— סארא דאָסאדע!

... אונ בייגט זיך אָנ, שפארט אָנ דעמ קאָפּ אינ קני,
די אויגנ די פֿארזשמורעטע צעעפֿנט:
— דו ווייסט? איך בינ ארויס גאנצפֿרי —
איך האָב געווארט, איך האָב געוואָלט דיך טרעפֿנ...

אונ קוקט זיך אום: — דער הימל ניט עו ענדיקט זיך,
דער סטעפּ איז ברייט — אונ שאכטעס אונ זאוואָדנ.
אונ זי — אזא מינ קליינע, ניט באשטענדיקע
האָט אָנגעקוקט אימ מאָדנע:

אונ רוקט זיך צו. אנ ערנסטע באטראכט אימ:
— ביסט אַ ייִד? בא אײַך איז מאָדנע נעמענ!

און קלינגענדיק און פּלוצעם זיך צעלאַכט —
סאַראַ מאָדנער נאָמען באַ דיר —
כעם־מאַ!

— ווען ניט דער דורכרײַס — און זיך צוגעבוויגן —
סאַראַ גוטקײַט, כעמאַ, וואָלט געווען!
— אַ זון! אַ זון! — סע זשמורען זיך די אויגן —
אַזאַ מין ווײַט — נאָר דאַכט זיך ניט געזען —

דער סטעפּ אין ליכט
דער סטעפּ איז שרעקלעך ברייט
אַ מענטש — אַ זעמדעלע
אַ מענטשל גייט.

און ס׳כוואַליעט ווײַט
און ס׳יאָגט זיך דער בוריאַן.
מיקאָלע גייט —
ער שלעפּט זיך צו דער באַן.

סע גייט דאָס פּויערל און ציילט זיך זײַנע טריט,
ער גייט פאַמעלעכן איג פּלוידערן אין וואָלענע,
מיט קלומקעס און פאַרנורעט אין דער סוויטע
אַ צעשויבערטער איז צוגעגאַנגען מיקאָלע:

— „געזעגנען זיך. איך גיי אַפּ דאָן.
„זשניוואָ“. געענדיקט דער סעזאָן —
„סע קלײַבן זיך די וואָלקנס —
„אַפּ דאָנער נאַכטיקע, אַפּ אומעטיקע מאָלקעס.
„אַפּ טרוקענעם, אַפּ האַרבסטיקן קאָוויל“...

775—4

ס'האָט ערגעץ וויַט צעהודעט זיך אַ שאַכטע.
אין סטעפּ אין ניט געאַקערטן, אין הוילן,
האָט זיך געלאָזן שוין די צווייטע וואַכטע
שטורמעוועג די קוילן.

זי דרייט זיך אָפּ.
סע טוט איר שרעקלעך באַנק.
געטאָן דאָ אַלץ — ער זאָל אין שאַכטע בלײַבן,
געטײַנעט אַלץ און אײַנגערעדט אים לאַנג,
געקלערט אים אויך אין דעם קאָמיוג פאַרשרײַבן.

— גייסט אוועק?
איז גיי אוועק, מיקאָלאַ!
נו „פראָשטשײַ" —
האָט זיך געזעגנט אַניע.

און ער —
דער יונג — אין פלוידערן די וואָלענע
מיט אַלע קלומקעס לויפט איצטער צום באַן.

ער גייט אוועק —
און כעמע קוקט אים נאָך:
ער זעט אין סטעפּ, אין גרויסן ניט געאַקערטן
מיקאָלאַ לויפט — דער דאָרף־יונג פון די כוטערן,
דאָס לעצטע אייניקל פון פויערים־קאָזאַקן.

ער לויפט אין דאָרף — צוריק אין היים פון שטרוי
צו זײַן פאַרוואַקסענער און גרינער לאָגע...

...געװענ א לאנד,
געװענ א גרױ,
געװענ א װאלד
אונ א בערלאָגע!

ס'איז דער ענגלענדער קלוג: װענ די ארבעט װערט שװער,
טראכט ער אױס זיך מאשינ, נאָך מאשינענ
אונדזער רוסישער פױער, װענ ער קענ שױנ ניט מער,
פארציט ער אינ נאכט זײַנ „דובינע" —

„עך, דובינושקא, אוכניעם!.."
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
אונ בא װאָלגע דעם טײַך, אפ אוראל אינ די בערג,
אינ שנײ פונ סיביר אונ אינ סטעפּ—אוקראַינע
אונדזער רוסישער פױער, װענ די ארבעט װערט שװער,
פארציט ער אינ נאכט זײַנ „דובינע".

אונ אונדז אָט אצינד, אז ס'זאָל װערנ אונדז גרינג,
די ארבעט ניט װערנ זאָל שװערער —
הײב אניע זיך אופ — הײב זיך אופעט אונ זינג —
מיר דארפנ דאָס „דעמבל" ניט מערער!

אונ פאר שטרױענעם לאנד אונ פאר זאמדיקער װײַט —
דאָס װעט זײַנ אונדזער לעצטער,
אונ אנטשײדענער שטרײַט!

אונ פארגײינ װעט אינ לאנד, אינעם סאָציאַליסטישנ
ראָסיאַ, דאָס שטיפלאנד אינ געלנ בוריאנ —

ווי אַפֿ ריזיקע סטעפּעס אַפֿ נאָוואָראָסיסקער
די טאַטערשע אָרדעס אין הויכנ קורגאַנ.

אַפֿ טאַטערשע אָרדעס — דער הימל ער בלוטיקט,
סע טראָגנ דעמ הימל די כוואַליעס פֿונ דאָנ.
ס'וועט קומענ מיקאָלע — נאָר ניט אינ אַ כוטער —
אינ אַ דורכויסיק קאָלעקטיוויזירטנ ראַיאָנ...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

... ס'איז כעמע אונ אַניע אַוועק אינ

פּאַרטקאָמ:

די שאַכטע־פֿאַרזאַמלונג האָט זיכ געענדיקט.
„כאַווײַרימ — האָט שטיל וואָראָנאָוו זיכ געווענדעט: —
„מיר מאַכנ שוינ צו פֿיל, כאַווײַרימ, אַ פּאַניק.

לאָמיר ניט ריידנ אונ פּלוידערנ אַלע,
מיר דאַרפֿנ אַצינדער די שפּראַכ פֿונ די הענט!
ס'האָט זיכ דער אַרויסבאַקומ פֿאַרנ ערשטנ קוואַרטאַל
פֿאַרקלענערט, כאַווײַרימ, אַפֿ פֿערציק פּראָצענט.

דעריבער איז
אופֿהייבנ גיכער די שטימונגנ
אונ טרײַבנ, פֿאַריאָגנ זיי — אונדזערע געסט,
וואָס זוכנ די סיבעס נאָר אינ מאַשינעס
אינ טעכניקער שלעכטע, וואָס ס'שיקט אונדז דער טרעסט.

מיר דאַרפֿנ מיט מיטלענ, וואָס זײַנענ פֿאַראַנ
אויספֿילנ איצטער, כאַווײַרימ, דעמ פּלאַנ!..
אַוועלכע פֿאַרשלאַגנ זײַנענ פֿאַראַנ?..

— דערקלערן מיר הײַנט נאָך באַנאַכט דעם אַליאַרעם!
— מעלדן מיר הײַנט איבער אַלע קאַזאַרמעס!

כאַוויירים שאַכטיאָרן! פון לאַוועס פון אַלע
אין לעצטן אַנטשיידענעם שטרײַט! —
באַלשעוויסטיש דערפירן דעם צווייטן קוואַרטאַל! —
דעם שאַכטיאָר, אין „זאַבוי״!
דעם פּלאַן צו דער צײַט!..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אָנגעזאָלעט, נימעס אונ פארמאטערט
סע גייט דער קאָפּ — א שווינדלענדיקע ראָד.
סע שלאָפּט די פרוי.
        סיאיז אויכ מיסטאמע קאטיע
ניט לאנג אהער אריינ פונעם זאוואָד.

שוינ דרייצנ יאָר... זיי האָבנ זיכ באקאנט —
געארבעט דאנ אינ שטאב פונ זיינ דיוויזיע,
צוזאמענ אויסגעווענ אונ דורכגעמאכט דעמ פראָנט
ציגיינערס צוויי — פונ דאָנ אוג ביז קירגיזיע;

צופוס,
אינ פּאָיעזדנ,
אינ זאָטלענ,
אינ טאטשאנקעס.
זי איז אלט געווענ אינגאנצנ צוואנציק יאָר.
ער — א דרײַסיקער, א שלאָסער א לוגאנסקער
א באנ־ווײַזער, א סטאָראָזש, א שאכטיאָר.

אינ רויכ, אינ פּראָנט, אינ ווינטער אונ אינ שלאכטנ —
מעטעליצעס,
טעפּלושקעס,
עשעלאָנענ...
דאָס זעקסטע יאָר זיי זיצנ בא דער שאכטע,
נאָר ס׳דוכט זיכ אָפּט — ער פּאָרט נאָכ אינ וואגאָנ.

ער פּאָרט אונ פּאָרט — אונ ס׳פּלאקערנ די קריגנ...
אונ נאָר זײַנ אינגעלע — סע ווייסט ניט דעמ אמאָל,
סע שלאָפּט די פרוי. סע לאכט דאָס קינד אינ וויגל,
ווי עפּעס פּריילעכס וואָלט זיכ דעמ געכאָלעמט.

ניט וועקנ קאָטיענ איצט; ער טוט די קורטקע אויס.
רוקט צו די טיי. טרינקט אָפּעט א פּאָר רעגעס.
דער שאָטנ אפּ דער וואנט — א מעשוגענער, א גרויסער
מאכט נאָכ זײַנע באוועגונגענ.

סע קלאפּט דאָס „כאָדיקל“, אונ ערגעץ זייער ווײַט
סע טרײַבט די צײַט — א ווייכע כטאדע שאָפּ.

ער זעצט זיך צו. א פעקל פרישע צײַטונגען
א לייען טאָג — ווי שטענדיק פארן שלאָף.

א טיש. א לאָמפּ. א גרינע ראָד פון ליכט.
אין צײַטונג אָפּגעדרוקט פון שאכטע א באריכט.
די לעצטע צײַטונגען דאָס אויג דערפרייען —
לייען
לייען
לייען:

און דור, אועלס — סע ליגן בערג מיט שטיין.
א הונגער-מארש אף גאסן וואשינגטאָנער.
שאכטיאָרן שטרײַקן אין דאָמבראָווע, אין באסיין.
אין עסטרײַך לעשט מען הײַנט די לעצטע דאָמנעס...

ער הייבט זיך אוף —
— ס'איז גוט אזוי! ס'איז גוט!
אזוי... אזוי!
— מיר שטײַגן זיי אריבער

די לעצטע דאָמנעס שוין —
דער רויטער ווינט!
ער קוקט זיך צו — סע לאכט דאָס קינד אין וויגל
און פריילעכס, פריילעכס כאָלעמט זיך דעם קינד.

— סע לאכט דאָס קינד! ס'וועט ווערן, קאטיא, גוט.
דו שלאָפסט? — טאָ שלאָף — מײַן קליינינקע, מײַן שענסטע!
ס'איז שפּעט. ס'איז נאכט. דער הימל איז אין בלוט,
דער רויטער הימל שלאָגט זיך אינעם פענצטער.

סע קלאפּט דער „שוואָר“. ס'גיט א קלאפּ דער לאָדן.
סע גיט א זעצ אינ שויב מיט הענגענדיקע כמארעס,
מיט רויכ — מיט פייער פונ זאוואָדנ,
מיט גראָוועד הודעניש, מיט רעדער פּארע.

ער זעט די שאכטע איצט — די שאכטע רוט ניט!
איר ווייטע ליכט זיכ וויגט אפ וואָראָנאָונ.
דורכ נאכט אונ גרענעצנ — זעט ער אזוי גוט
די טויטע קאָרפּוסנ — די שטומע, די דאָמבראָווער...

— וואָס שווייגנ זיי? וואָס הייבנ זיי ניט אָנ?
היי! רורער אונ אועלסער — אונ פונ שאכטעס!
וווּ זייט איר איצטער, וועבער פונ ליאָנ,
אונ אופשטענדלער איר יונגע — די מאָנמארטער?

ליאָנער אונ טולוזער אונ פּאריזשער,
ארבעטער פונ רור אונ פונ טורינגיִע
מיט אייכ צו גיינ — מיט אייכ צום קאָמוניזמ
וואָלט דאָכ אָנגעקומענ, ברידער מיינע, גרינגער!..

אינ צימער הערט זיכ קוימ דער ווייטער שאכטע-ליארעמ
דורכ דעכער זעענ זיכ די קאָפּרענ פונ די שאכטעס;
מיט אויגנ-פענצטערלעכ — באראקעס אונ קאזארמעס
קוקנ איצטער ליכטיקע, פארטראכטע.

סע שטייענ אופ
אינ יִשעוו שוינ די וואכטעס.

פון ערגעץ הערט זיך שוין צעצויגן א הודאָק.
מע לאָזט זיך פאַרלעכווייז און איינציקווייז —
אליין.

דערווייל איז שטיל, ווי שטענדיק פאַרן טאָג,
א בלאָווע טונקלעניש דעקט אייַנעט דעם באַסיין.

אין סטעפּ איז נאַכט, ער לאָזט אין סטעפּ זיך גיין.
ער זעט איצט גוט די הויכע קאָפּער־שפּיצן,
פּאַראַדע־בערג — די רויכערדיקע גלייען
די שאַכטע-קאָרפּוסן געדעקט מיט טשערעפּיצע:

סע דעקט א כמאַרע אָפּ א קוטשע ווייַסע שטערן,
און זיי באַווייַזן זיך און בלייַבן ניט אין נאַכט.
ער קוקט א ווייַלע נאָך — צוויי ליכטיקע לאַמטערנס,
דער הויף —
די שאַכטע.

אין הויז פון הייב־מאַשין, אין ציכטיקייט אין שטילער
דער אַלטער מאַשיניסט א גרויער ווי קאַלינין,
פאַרוקנדיק אַפּן שטערן די דראָטענע צוויי ברילן,
האָט אָנגעגאָסן פונקט דעם אייל אין דער מאַשין,

די מאַשין האָט א צופרידענע, א זאַטע שוין געהוקעט,
סיגנאַלן האָבן אָפּגעשייַנט מיט רויִקייַט מיט בלאָווער.

ער איז אַרויס.
די בריל אַראָפּגערוקט:
— וואָס טוט איר, אַזוי שפּעט דאָ, וואָראָנאָוו?

— פארגעסן אלטיטשקער ? הודע אן אליארעם.
— הודקא דאיאָש! — אזוי — מע זאָל דערהערן!
אזוי איצט אלטיטשקער — ס'זאָל ווערן ווארעם
דעם הימל און די שטערן!

דאיאָש הודקא! נו גיב! — שרײַט וואָראָנאָוו —
און די סירענע האָט געגעבן אזא הלישע —
דער הודאָק האָט אָנגעהויבן הייזעריק און גראָב.

דורך געספּעך פּיימענע,
דורך אלטנ שאכטע־יִשעוו,

דורך סטעפּ באנאכטיקן סע טראָגט זיך דער אליארעם
און וואָיעט לאנג, און וואָיעט אויסגעצויגן, —
די גאנצע גאס מיט שטיינערנע קאזארמעס
עפנט אוף פּירעקעכיק די אויגן.

א — הו — א — הו — מע הודעט איצט און הודעט,
באראקעס שטייען אוף און רודערן און קלאָרן,
דורך געספּעך נידריקע, דורך פּיימיקע און ברודיקע
לאָזן זיך די פארטיעס שאכטיאָרן.

מיט קירקעס אפ די אקסלען גייען קאדראָוויקעס,
בויערער
באפּעסטיקער,
און יונגע פליטאָוויקעס...

כעמע און מאנאן — א שפרונג, און פון דעם בעט.
— שטיי, יאנקל, אוף! האָט כעמע אים געשטורכעט.

יאנקל איז אראָפּ. געבליבן שטיין אין גרעט,
געבעטן זיך, פארשלאָפן זיך געטשוכעט:

— לאָזט מיך אָפּ, איר זעט דאָך
— איך בין קראנק
לאָז! — נו לאָזט! וואָס לאָזט איר מיך ניט שלאָפן?
אָט, אן אומגליק — האָט געדרייט זיך יאנקל
און פויל אין סטעפּ נאָך זיי ארויסגעלאָפן.

אין סטעפּ איז קאלט, נאָר בלאָטיקייט און כראפּעס,
דער דנאָ איז פוכקע שויג און טיאָפּעט אין דער באלקע.
סע גייט פאמעלעכן אין אָנגערוקטער שליאפּע
מיט זשעלאָנגע אפן אקסל דער אלטינקער ריבאלקאָ:

— אז נאָר די לאָדערעס — זיי קומען נאָר פאסקודיעג
און וואָס קאָראָבעט זיי און וואָס־זשע ארט זיי?!
איז וואָס־זשע וואָיעט זי? — היי, האָדיע הודען!..
נאָר ס'האָט ניט אופגעהערט צו הודען זייער שאכטע.

— זאָל וויען סטופּ — מיר האָבן דאָך כאראָבעס
„נעמא כאָזיאיִענא" — האָט געבורטשעט סטרוק.
האָט ריבאלקען אזש געגעבן א קאָראָבע
— היי זשע, ניט באליידיקט מיך, בײַסטרוק:

— דו מיינסט, סע דיר אמאָל אינעם ארטעל
(נו הערט שויג אופ... סע ווערט דאָך א געלויפּ...)
— די זיבעטע געשונדן מיר די פעל...
(און מע איז אריין אין שאכטע־הויפּ).

דער שאכטע־הויף איז פול מיט פענעמער מיט גראָווע
פירעקעכיקע, שטרענגע, פארשלאָפענע און בייזע,
אפן גאנעק איז ארויס איצט וואָראָנאָוו:
— איך!
סע איך — האָב דאָס געהייסן!

— כאווייִרים — (און א פּאוזע) — מע קאָן אזוי ניט מער!
דער דורכרייַס גרעסערט זיך און ווערט צעטראָגן.
פארוואָס האָט איר מיט בלוט באמיסטיקט אונדזער ערד?
פארוואָס זייַט איר געגאנגען מיט דעניקינען זיך שלאָגן?

אויב ס'וואָיעט אינעם סטעפּ אין הונגער דער זאוואָד,
אויב ס'ציטערט ניט דאָס בלוט אין אויסגעגלייַכטן רוקן?!..

— אדיאָזשע!
— כא־ארטש!
— וואָס נארסטו דעם נאראָד —
האָט הויך און קוויטשעדיק געשריגן סטרוק.

— ארטעלשטשיק, וואָ—אָן!
— כאווייִרים, שטילער!
— כאווייִרים הערט מיך אויס!

— כאווייִרים שטיל! אצינדער, ווען סע בראָיעט,
דעם סוינס פּאר די זשאבערעס איצטער נעמען,
די נאָרמעס העכערן! א שטורעם די זאבויען!
און מירן זען — ווער? און — ווען!

מיר זייַנען אלע שוין מיט אומגליקן באקאַנט —
אין היץ געברענט, געקליאקנעוועט אין שניי!

ווי ווידער וואָלט ער הײַנט געשטאַנען אפֿן פראָנט,
קאָמאַנדעווערט פון פּאָסט דער גרייטער באַטאַרײ —
האָט ער אויסגעשריִען:

— פרײַנט, גוואַרדייער מײַנע בעסטע!
לאָמיר שפּאַנען זיך! און לאָמיר שלעפּן!
אַז ווערן זאָל דאָנבאַס אַ מעכטיקײַט, אַ פעסטונג,
אַ פּאָן פון באָלשעוויסטישע, פון לענינישע טעמפּן!

— אור־ראַ, — האָט אַ געשריי געטאָן מעשוגע אַזש בּאַראַש;
סלאַ־אַווא! — איז ריבאַלקאָ פריילעכער געוואָרן;
בראַוואָ וואָראָנאָווּ! — פּלעסקעט זיך דער ראַש
אין די פאַרהאַרטעוועטע דלאָניעס פון שאַכטיאָרן.

און כעמע האָט זיך אַ ריס געטאָן
אַ הייב געטאָן פון אָרט;
— כאַווער וואָראָנאָוו —
איך בעט אַ וואָרט!

און אָנגעכאַפּט זיך פעסט אין דראָטענע צוויי טראָסן
אין דר'הייך אַרויף — אַף די לעצטע טרעפּ.
זיך אַ שטעל געטאָן. די אויגן זײַנע קאָסע,
דערזעענדיק דעם הויף פון קוקנדיקע קעפּ:

ס'קלײַענדיקע, שמייכלענדיקע פּאָנעם פון מאַנאַנען,
ס'בייזע פון ריבאַלקען, ס'קײַלכיקע פון אַניען,
האָט עס אים אַ וואַרג געטאָן, און ער האָט זיך פאַרלאָרן —
אַזוי פיל ערנסטע און עלטערע שאַכטיאָרן!

— שאכטיאָרנ, — האָט ער אָנגעהויבנ, — איכ בינ פונ א שטעטל,
כ'האָב ביזנ אָנקומענ פונ שאכטעס נאָר געהערט.
כ'האָב נאָר געוווסט פונ שנײַדערײַ דאָס שטעפנ
אונ ווי דער זיידע מײַנער קאָוועט פערד.

איכ פיל זיכ גליקלעכ איצט, וואָס כ'האָק שוינ קוילנ,
וואָס כ'וועל א מאשיניסט פונ ווורבעווקעס נאָכ ווערנ.
וויל איכ אָט דערפאר אָפדאנקענ ריבאלקענ,
וואָס האָט מיכ די מעלאָכע די שאכטיאָרישע געלערנט.

א זאבויטשיק בינ איכ איצט, כאווײרים מײַנע, זעט
מיר, די קאָמסאָמאָלצעס, — איכ ווי יעדער כאווער
רופנ אײַכ ארויס, ריבאלקאָ, אפ געוועט
אפ העכערנ די נאָרמע אינ דער אכטער לאווע.

— שאָ־אָ? — האָט א פארוווּנדערטער ריבאלקע זיכ פארלאָרנ.
א וואָרפ געטאָנ די קירקע אינ דער קופע מיט די העק.
ניט געהערט געוועג — מיט על־טע־רע
שאכ־טיאָרנ?
זאָל וועטנ זיכ א שנע־עק?!

אונ זיכ א דורכגעשפארט, אונ זיכ ארופגעדראפעט,
אונ ווענ ריבאלקאָ האָט א זאָג־געטאָנ!
— סינאָק!
אונ אימ דערלאנגט מאזאָליעדיק די לאפע,
אונ געגעבנ נאָר א שאָקל מיטנ קאָפ.

איז דורכ אזא מינ ווארעמקײַט. ס'געוואָרנ אזא פאטשעניש,
אונ אניע איז א גליקלעכע ארויסעט פונ די קאטשערנס,

און פון צו פיל פרייד שוין, ווי סע טרעפט ניט איינמאָל,
איז פון פרייד פון גרויסער ווילט זיך פלוצעם וויינען,
ס'ווערט די גרויקייט העל און ס'ווערט דיר אלצדינג ליבער,
ווען דאָס הארץ ווערט פול—גייען די אויגן איבער...

און ס'האָט די הייב-מאשין געהוקעט שוין אין שטראָם,
סע שטייט די ריי—מע לאָזט זיך אין דער שאכטע.
און וואָראָנאָוו איז איצט אריין אינעם שאכטקאָם
גיך די טיר נאָך זיך א גליקלעכער פארמאכט:

דער „סטוואָלאָווי" האָט שוין געגעבן די סיגנאלן
דער „קאָרב" האָט סווישטשענדיק שוין אָנגעהויבן פאלן...

●

...דער „סטוואָלאָווי" האָט שוין געגעבן די סיגנאַלן
דער קאָרב האָט סווישטשענדיק שוין אָנגעהויבן פאַלן.

סע ליאַזגעוועט מיט סקריפּעניש פון בלאָקן,
מיט בראַזגעניש פון אײַזן און פון ברעטער.
נאָר כעמען האָט דאָס פאַלן ניט געשראָקן,
ווי ס'ערשטע מאָל באַם אָנקומען פון שטעטל.

א רויִקער ער שטייט אַפּ זײַנע קני,
די אויגן נאָר די קאָסע זײַנען גרויסע.
די לאָמפּן שײַנען אָפּ, ווי הורבעס מיט פּאַרפּרי,
ווי שטיקעלעך געגאַנוועטער אינדרויסן.

ברונעם־וועגט באוויַיזן זיך און שווינדלען
באוויַיזן זיך און בליַיבן ניט, פארשווינדן.

די ברונעם־וועגט — זיי בראזגעווען און הודען—
א בליץ רייַסט אוף א ליכטיקער אין פלאמען.
אן אויגנבליק — און אויסגעהאקט פון הרודע
דער קיַילעכיקער פּאָנעם פון מאנאנען.

טראָסן סקריפּען גראָב און קריצן אפ דער ראָד,
דער קאָרב פּאַלט לאנגזאמער און לאנגזאמער אין נאכט-דאָ:
— א גוטמאָרגן!
א גוטמאָרגן דעם זאוואָד—
דער אונטערערדיקער, דער אלטער שאכטע!

אין שאכטע־שטאל אין הויכער פון צעמענט
באיאָרטע גרוסן זיך געקומענע שאכטיאָרן.
די לאָמפּן שייַנען אָפּ ווי מעסערס אין די הענט,
רייַסנדיק די נאכט פון קאָרידאָרן.

די שאכטע־פערד אין איַיזערנע וואגאָנטשיקעס
מיט גרוי-קאָליר פון שטיינער און „פּאָראָדע",
באגעגענען הירזשענדיק די זשוואווע „קאָנאָהאָנעס",
פארהייבנדיק די אומעטיקע מאָרדעס.

אלטע קוילן־העקערס שטייען און זיך דינגען
מיט פּענעמער פארפראָשעטע, צעקארבטע,
אויסנעמענדיק געהעריקע באדינגונגען

אפ העכערנ די נאָרמע פונ דער ארבעט,
אפ הייבנ אָט די שטיינעריקע מאסע...
— נו־ו, מאליוטא! „יאקזשע"?—
„טי סאָג-לא־כיענ"?

— „נע כאָטשו" — (אונ א זידל אונ א כראקע)
„יאקאָהאָ כרענו" — אינעמ קייווער זינקענ,
„אַ נו־ו וואס־עכ־ קטשאָרטאָווי מאטערי"
אונ א פארומערטער אוועקגעהונקענ—

אוועקגעהונקענ, אָפגעגאנגענ, פרייער
זיכ אויסגעדרייט, פארקערעוועט — באהאלטנ.
אונ כעמע פילט — סע וואקסט אינ אימ די כייע
שרייט אינ אימ — ער וועט ניט אויסהאלטנ...

שלעפט אימ יאנקל,
בעט זיכ יאנקל:
„ווײ איז צו מײנ מאזל,
וואָס דארפסטו זיכ פארנעמענ מיטנ גאזלענ?!.."

ער גייט אוועק, אונ אָנגעכמורעט כעמע
שטייט אזוי מיט אלעמענ צוזאמענ.
שאכטיאָרנ קוקנ נאָכ פארכמורעטע, אָנברעמיקע:
— אינ זײנ מאמעס־מאמענ!

אינ שטרעק איז שטיל. סע לישטשעט זיכ דער באלקנ.
הייבנדיק דעמ לאָמפ זײנעמ אינ נאכט,

איז צוגעגאנגען כעמע צו ריבאלקען:
— כאווער סטופ, איז, הייסט עס, אָפּגעמאכט!

— כאווער סטופ, ביז צוועלף און ניט שפּעטער
צו צוויי „אופּראזשקעס" יעדערנס בריגאדע,
אזוי, אז צום סאָף פון אונדזער געוועט...
— גענוג!
— לאדנאָ!

בריגאדעסווייַז, אין פּירען און אין דרייַען,
פארלירן זיך אין שאכטע די שאכטיאָרן.
פון ווייַטע לעמפּעלעך די קייַלעכיקע פּייַערלעך
באשייַנען נידעריקע, שטיינעריקע נאָרעס.

סע הענגען שווערע אָפּ און גלאנציקע די הרודעס,
פארציט מאנאן א לידעלע א טאָטערעש
אזוינס, אן אומעטיקס, א שרעקלעך נודנע,
וואָס יאנקלען דערמאָנט עס אינעם פאָטער.

ער וואָלט בעטן דאפקע זינגען אן אמאָליקס,
ווי זייַן טאטע — אָט אזוי זיך
און פאמעלעך — און ניט שטארק!

„אפן גרינעם גראָז
און אפן הויכן בארג"...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

— נאָר ווּ איז ער, דער בארג? —
נאָר שטיינ און ערד, נאָר פינצטערניש און שטרעק...
די פינגער שטייַפנ אָנ די הענטלעכ פונ די העק. —

כעמע ווייסט; ס׳איז אופגעטראָגנ סטרוק.
יאטנ! כעוורע! — דרייט זיכ אויסעט כעמע:
— ניטשעוואָ — מיר וועלנ נאָכ א קוק טאָנ,
ווער און ווען!

— היי־זשע, יאטנ — קלעטערט אינ דער הייכ!
נו־זשע, כלאָפצי! לעבעדיקער! רירט זיכ!
אפ אלע פיר, פאמעלעכ, אפנ בויכ
א קאראטשקענדיקער קריכט ער.

ווי שאכטיאָרנ, ווי באיאָרטע און געניטע
ווייסט כעמע שוינ דעם וועג אינ יעדנ „גענגל“,
ווּ „ס׳פאלשעוועט דער דאכ“ און ווּ זיכ היטנ,
און ווּ פארומערטע די פעלדזנ הענגענ.

זיכ אויסגעלערנט קלעטערנ און שטייַגנ,
קריכנ דורכ די לעכער, דורכ די שפארעס.
בא פעלדזנ שטיינערנע זיכ אויסגעלערנט שווייַגנ,
זיכ אויסגעלערנט שטרענגקייַט בא געפארנ.

און ניט געפילט האָט ער, ווי פרעסנדיק די ציינ,
ווי האקנדיק דעם קויל פאר שטורעמדיקנ לאנד זייַנעמ,
בייַט ער זייַנ נאטור און ענדערט זיכ אליינ,
ווערט פארהארטעוועט און ווערט אנ אנדערער.

ער ציט זיכ אויס פאמעלעכ אפנ רוקנ,
דער פלאסט איז פעט און מינעט זיכ מיט ליכט,
די לופט איז הייס--די שווארצע לופט איז טרוקנ,
די ערשטע קירקע הייבט זיכ אפנ שיכט.

די סטויפעס פעסט—באוואָרנט און פארקרעמפעוועט,
ס'איז נידעריק—דעמ קאָפּ ניט אופצוהייבנ.
קײַלעכיקע, גרינינקע צוויי לעמפעלעכ,
ברענענ אינ דער פינצטער זײַנע אויגנ:

— אָנגעהויבנ!
לעבעדיקער!
האסטיק!
אויסגעטאָנ די העמדלעכ — און אינ נאקעט.
מיט זשעלאָנגעס, מיט די קירקעס—און פונ פלאסטנ
ברעכנ זיי די קוילנ, און צעהאקנ.

די ערד האָט זיכ צעהוידעט און צעלאשטשעט,
מיט קלאנגענ—און מיט גראָבע און מיט דינע,
די ערשטע לאווע וויגט זיכ אינעמ ראש שוינ
פונ לאָמענ און קאָנווייערס און מאשינעס.

— עכ, מאנאנ, זיי יאָגנ אונדז אריבער!
— האק־מאשינעס באָווערנ די שיכטנ!
און זיצנדיק און רײַסנדיק די הליבע
ארופעט און אראָפּעט מיט דער קירקע,

האָט כעמע שטארקער נאָכ געטראסקעט אינ די קוילנ;
ריטשקעס רינענ — גלאנצנ אפנ רוקנ.

אין שטויב, אין פינצטערניש — פאַרפּראַשעטע און הוילע
ליגן זיי, ווי מענטשן פון דער שטיין־טקופע.

ליגן זיי צעלייגטע אף די שטיינער—
ס'פעלן נאָך די קיזל־העק בא כעמען,
די נידעריקע שטערנס און די ריַיס־ציינער
די האָריקע און איַינגעקנייטשטע פּענעמער.

געלעגן איז זיך איַינגעשרומפּן יאנקל.
בא טונקעלע שאכטע־לעמפּ, וואָס וויגן זיך פון אויבן,
די נאָז זיַינע געוועזן איז איצטער לענגער
און טיפער נאָך די גרי־קיַיט בא די אויגן.

ער האָט אָפּגעווישט פּאמעלעכן דעם שווייס,
אוועקגעלייגט דעם קאָפּ איצט אף די שטיינער.
— הייס!——— היי־ס!———
...עכ, אצינדער זיצן אין דער היים—

אין שטוב איז איצטער ליכטיק און ס'איז ווארעם.
די מאַמע שטעלט אין קיך דעם סאמאָוואר;
סע שטייט דער טאטע אופּ פּאמעלעך פון בעט;
דער ווילנער גאָען
ווי אלע טאָג און יעדער —
זיצט זיך אין א טאלעס מיט א פעדער
אנטקעגן אין באגילדעטן פּאָרטרעט...

ס'וויל יאנקעלען זיך זיצן איצט אין שטילקיַיט
קוקן אף דער גאס דורך די פענסנע...

— כ'בין קורצזיכטיק — איך זע ניט אָן די ברילן
לאָזט —
איך קען ניט!

מאנאנ האָט זיך א קער געטאָן! „א לאָ-אָדער״!
און כעמע א פּאו־פראָשעטער, א הוילער
ארויס איז פון דער קוטשע מיט פּאַראָדע, —
אנ אויסגעהאקטע הליבע פון די קוילן:

— יאנקל! (האָט ער אָנגערוקט דאָס היטל)
נא, די לאָפּעטע — און הייב זיך איצט ניט אָן! —
(דאָס קאָל ווערט הייזעריק) — נעמ דאָס שליטעלע!
פיר דעמ שטיינ ארויס — סע ווארט דער „קאָנאָהאָנ״!

און אויסגעווישט דעמ שווייס מיט די ארבל
דעמ קלעפּיקנ, דעמ שטויב פון די געזיכטער,
און ווידער זיך גענומענ צו דער ארבעט.
הייבנ זיך און לאָזנ זיך די קירקעס!

באָ־אָ־האָכ —
פאלט און שיט זיך די הרודע,
שיט זיך און פאלט — באָ־אָ־האָכ!
און די שטיינער, די פלאסטנ הודענ
ענטפערנ: נאָכ — נאָ־אָ-האָכ!

— עכ, ווי זי הודיעט — מא-אמע!
א שאכטעלע — זע, ווי געראָטנ!

אויך, — דרייט זיך איבער מאַנאַן,
דער קליינינקער מאָגערער טאַטער.

— מיר האַקן די קוילן, מאַנאַן
פאַר זאַוואָדן, וואָס ווערן געלאָזן!..
— מאַנאַן! דו געדענקסט נאָך דעם יאַם
דאָס שטיבל, וואָס דו האָסט פאַרלאָזן?

אַ שטילער, אַ הוילער, פאַרשוואַרצטער
שלעפּט כעמע מאַנאַנען צום פייער:
— עמעס? — ס'איז גוט אַפן האַרצן
עמעס, — ס'איז אונדז אַ מעכייע?!

און לייגט אַפ די שטיינער אַוועק זיך —
... און דעכער און שנייען און ווינטער;
ניט אויסצוהאַקן מיט טויזנטער העק,
וואָס מיר געדענקען פון קינדהייט:

ער ליגט אינעם וויגל אין ציצענעם העמדל,
אַ קליינג קאַראַפּוזל — פון פיר יאָר אַוואַדע;
דאָס גלעזל באַם „פּינפּער" צעטראַסקעט ווי שטענדיק,
פאַרקלעפּט מיט פּאַפּיר, פאַרברוינט און פאַרטשאַדעט...

די מאַמע באַ הרובע — זי וואַרעמט דעם שטיין.
סע ס'קריִעט דער גריל, און ס'איז שוידערלעך שטיל;
— כאַפּ מיר אים, מאַ־אַמע!...
סע ווילט זיך אים וויינען
דערפאַר, וואָס ער קאָן ניט געפינען דעם גריל.

ער דרייט זיך אין וויגל, אין קאַלדרע פאַרק־אַבנ.
דאָס מויעכל וואָרט, און דאָס ייִנגעלע הערט —
ווי טרויעריק זינגען באַנאַכט באַלמעלאָכעס,
ווי האַנטייִנגלעך זינגען אין שנייִדערשע נעכט...

אפילע דער פעטער — א שטאָך מיט דער נאָל,
א פריילעכער ייִדל — נאָר הייזעריק, הייזעריק
באַמקעט אין זיך — אוי דערנאָך אף א קאָל
עפעס א לידל, א אומעטיקס, רייזינס:

אוי העמערל, העמערל, קלאַפ
קלאַפ שטאַרקער א טשוואָק, נאָך א טשוואָק...
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
נאָר דו ביזט מייִן שפּייִזער אליינ...

און דער טאַטע — דעם קרייד אין די ציינ:

מיינ סטרא־דא-ווא-וואַניע ווי ס'נאָר גאָט דעם ע־עמעס־ס
מאַ־
א־
איינ
סטר־א
דא־א-ניע
וויס'נאָר גאָ־אָט א־ליינ

און א סטראַדאַניע — און ביז טיפער נאַכט
א כמורנער ייִד, א סמוטנער — און ניט קאָנטעט.
אַז דער טאַטע האָט א מאָל זיך שוין צעלאַכט
האָט זיך אויסגעדוכט —
אין שטוב באַ זיי איז יאָנטעוו.

יאָנטעוו! יאָנטעוו!..
פענעמער פון לעדער —
ווייַטער, ווייַטער, איינגעקנייטשטער דאָר!
סע סקריפּען די אקסן —
די זאמד בא די רעדער
פארשיטן א יאָר נאָך א יאָר

און מע שנייַדט
און מע קלאפּט
און מע שערט
און מע נייט...
און ווען איז די ארבעט
געווען דען א פרייד?!

און גיט זיך א שטעל אוף. — מאנאנטשיקל, הער,
עמעס, ס׳איז גוט און ס׳איז אונדז א מעכייַע!
ס׳איז שווער אונדז, מאנאנ... און ס׳איז גאָר אונדז ניט שווער!
איז העכער די קירקעס. אז גייג זאָל א פייַער!

שפּאלט זיך דער שטיינקויל — א שפּאלט נאָך א שפּאלט,
סע ראשט נאָר דאָס הארצ און סע הודעט,
סע הייבן די העק זיך אליין, און סע פאלט,
און שטיקערווייַז ברעכט זיך די הרודע.

שטיקערווייַז ברעכט זיך פארבאקן ווי בלוס.
— כע־מא א־עך, טרוקן אין מויל!
און נאסע און גלאנציקע שייַנען די רוקנס,
ווי שווארצער געפאלענער קויל.

גרויסע און רויטע — די אויגן זיי ברענען,
און ס'הערט זיך, ווי הייזעריק בוקען די העק.
מע זעט שוין ניט קיינעם —
סע אָטעמט נאָר כעמע:
— ווו איז דער שליטלער דער לאָדער אוועק?
וואָס איז ער ניטאָ אזוי לאַנג שוין?
— יא־א־אנקל!!!

— וואָס שרייסטו, כאמולע?! וואָס שרייט ער אזוי!
וואָס רופט ער, וואָס דארף ער אים, כעמע?
וואָס איז ער, פארברענט זאָל ער ווערן, א גוי?
אַן אָרל, די ערד זאָל עס נעמען?!

— און נאָכאמאָל, ווידער, אָט נעם און באטראכט זיך,
— רעדט איצטער יאנקל צו זיך נאָך אליין,
— וואָס ביסטו, בעהיימע, געקראָכן אין שאכטע?
וואָס ביסטו ניט בעסער געבליבן אין דער היים?

פארדרייט אין א קנוילכל, פארדרייט און פאראָיעט,
פארגראָבן דעם קאָפּ אין דער קופּע מיט שטיינער —
האָט ער אָנגעהויבן נאָיען,
האָט ער אָנגעהויבן וויינען.

— מא־לא־כאָ־אָל־נער! — שרייט דער קאָנאָהאָן.
גוואלדעוועט, ער קען זיך שוין ניט זאמען.
דאָס שאכטע־פערד — טאנצט פון די וואגאָנטשיקעס,
טויב שוין אזש פון זיינע „מאמעס“.

— ווּ ביסטו דאָרטן?! — גוואַלדעוועט מאַנאַנ,
וואָס ליגסטו דאָרט — דעם קויל דײַנעם פאַרנעמענ!
(„מאַמעס" —— „מאַמעס" ——— „מאַמעס"———)
א צעבראַסטעטער איז צוגעלאָפנ כעמע!

— וואָס זשאַווערסטו, וואָס קלערסטו זיכ, וואָס מיינסטו?
דעם קאָפּ דײַנעם, אינ דר'ערד אַרײַנ, צעפּלעטנ!
וואָס פּירסטו ניט אַרויסעט אימ די שטיינער,
וואָס פּאַטערסטו, פּאַסקודע, דעם געוועט אונדז?!

פאַרמאַטערטע, נאָר פרייליכע אונ הוילע
האָט מענ אָנגעהויבנ אָנשיטנ די קוילנ.

דער קאַנאָהאָנ האָט פריילעכ שוינ געסווישטשעט,
וויגנדיק דעם קאָפּ, דעם קוטשעראַווג.
סע לויפט דאָס פערד — דערשראָקנ א פריהלישעטער,
הערנדיק אינ פינצטערניש די לאַווע.

די לאַווע פּיכטיקע, ווי עקבערס בויערנ,
מיט שפּיצנ גלאַנציקע אינ פּלאַסט פאַרגייענ.
אַלע האַק־מאַשינעס — ראַיענ, בראַיענ
אונ הוידענדיק קלינגענ די קאָנווייערס...

***

...אונ וואַסער בולבעט זיכ...אונ ס'ציט די פּאָמפּע,
סע קרעכצט אינ פינצטערניש דער נידעריקער באַלקנ.
— לו־ופּט א ביסל — היי, דאָרטנ די לאָמפּנ! —
געשריִענ אונ געשאָלטנ האָט ריבאַלקאָ.

— דאָס זעכצעטע וואגאָנטשיקל — שאכטיאָ־אָרנ!
געארבעט הײַנט — נו, זעט — די גאלעריי...

מיט בלאָווע אויגנ, קליינינקע אונ פולע,
האָט ער זיכ צוגערוקט צום שטיינהעקער זאזוליע.

אינ ראָד פונ ליכט — אינ טונקעלער אונ קארגער
אינ לאוועס אלע — נידעריקע, ליידיקע,
אינ טראנטעס אָנגעטאָנ, א יינגל א „בראָדיאגע"
ליגט זײַנ יוגנט א פארשעמטע, א באליידיקטע.

— איר וועט אלע, איר וועט גיינ צום קאָמוניזמ
האָלעפופעס, קאראפוזנ — אייער וועסנע!
איכ וועל פייגערנ, אינ דר'ערד, פונ רעוומאטיזמ
זדאָכנו — אונ ניט גייג אפ פענסיע!

ריבאלקע־סטופ דער עלטסטער קאדראָווי;
מיט אויגנ מוטנע, וואסערדיקע, פולע
האָט אימ געבעטנ נאָר:
הער אויסעט מיכ
זאזוליא!

— הער, זאזוליא — בייג זיכ צו — אזוי
די שאכטע וויגט זיכ עס, די שאכטע הודעט,
מע ארבעט עס — סע הודיעט דער זאבוי —
סע פאלט די הרודע.

—— זעסט די לעמפ?
דו הערסט די קאָנאָהאָנעס?

די קוילן שיטן זיך,
סע קולקען זיך וואגאָנטשיקעס —

— היי, כאָליערעס! מי־יך! —
מיך אריבעריאָגן?
מיך אריבעריאָגן? היי, אין איַיער מאמען!
און ווידער האָבן קירקעס הייזעריק געשלאָגן
געהויבן זיך צוזאמען...

* * *

... און הויך —
אין יִישעוו איצט
ווי הארבסט, ווי אלע מאָל —
שווימען זיי פון אזיע די כמארעס,
ווי פולע טיוקעס אָנגעפּאקט מיט בוימוואָל
וואָלט געטריבן לאנגזאם
אפ דאָנבאס בוכארע:

דער סטעפּ איז ברייט און כמארעדיק און הויך
אפ דאָן! אפ דאָן, — אין שווארצן קוילן־לאנד!
נאָר וועלדער קוימענעס, נאָר הימלען רויך
פון ראנד ביז ראנד.

שאכטיאָרן זיצן שטיל אין נידריקער סטאָלאָווע
און הערן וויַיט — א פרויען־קאָל א דינער —
סע זינגט א פרויען־קאָל די ליד פון „טשערנאָבראָוון,
פון טשאָרנאָבראָוו קאָמאנדיר פון דער דאָלינע.

אין שאכטע־הויפ — די „קרומע" פונ געוועט
אפ אלע גראפיקעס זיך טראָגט צו הונדערט.
וואָראָנאָוו לויפט אלעמאָל ארויסעט צו דער ברעט —
קוטשקעסוויַז שאכטיאָרנ — אונ באזונדער!

— עלעפ
— צוועלפ

אינ הויזנ ייִגגלשע אינ גראָבע פונ ברעזענט
אנושקע א מיידל אפ רעסאָרלעך,
אינ ביידע קעשענעס אריַינגעלייגט די הענט
טומלט אינעמ אוילעמ מיט שאכטיִאָרנ,

טופעט אזש פונ פרייד מיט אירע פיס:
— כאווער וואָראָנאָוו —
גיט איבער אימ א גרוס!..

סע ווערט א טומל באלד,
סע ווערט א ראַש:
— כאווער וואָראָנאָוו,
שויִנ צוואַנציק האָט באַראַש!

דער גרויסער הויפ פארפולט איז מיט דער וואכטע,
דער מעשענער הודאָק פארגייט זיך מיט געוויי,
וואָראָנאָוו לויפט גיך א גליקלעכער אינ שאכטע
דורך געגגלעך פינצטערע צו כעמענ אינ „זאבוי".

— כלאָפצי, זדראווסטוויטיע — געגומענ דעמ געוועט!
נו גיט די הענט — עך, יאטנ־מאָלאָדצי!

— זדראסטוואיטיע — האָט כעמע שטיל געזעדט,
פארגראָבנדיק דעם קאָפּ אין זײַנע קני,

אין די פארהארטעוועטע דלאָניעס פון די הענט...
— דושנע, אוכ — ס'איז נידעריק און הייס —
און ציט זיך אויס פארמאטערט אין ברעזענט,
ווישנדיק פּאמעלעכ דעם שווייס.

— שוער, כאווײרימלעכ?
— שווערלעכ, וואָראָנאָוו!
— דאָס לעצטע מאָל, כאווײרים, מיט די קירקעס!
— דאָס לעצטע מאָל!

מאשינעס וועלנ גראָבנ,
מאשינעס וועלנ ברעקלענ שוינ די שיכטנ!..

אינ נאכט, אינ גרוי — אינ פינצטערניש פונ שטרעק
סע גלייבט זיכ ניט, סע ווילט זיכ גאָרניט גלייבנ,
אז די שאכטע האָט מענ דורכגעהאקט מיט העק —
ליגנדיק אינ דרײַצעטנ געבויגנ.

פונ פינצטערניש, פונ גרוי, פונ קאָרידאָרנ,
פונ לאוועס אלע נידעריקע, ליידיקע,
פונ דוירעסווײַז פארשטאָרבענע שאכטיאָרנ
שרײַט די יוגנט — א פארשעמטע, א באליידיקטע.

ער שפּארט זיכ אָנ מיט קאָפּ זײַנעמ אינ באלקנ,
סע טוקנ זיכ די אויגנ אונטער ברעמענ —

אָט קריכט צו זיי פּאמעלעכנ ריבאלקאָ —
— זדראַוסטוויטיע! — האָט אויסגעשריִענ כּעמע.

— זדראַוסטוויטיע! — האָט כּעמע אימ באגריסט
אינ הויזנ זײַנע, ברייטע ווי די טאָרבעס,
אינ „טשוניעס" אָנגעטאָנ — צוויי לאַפּטיִעס אפ די פיס,
א געזעצטער אונ א ביסל א פּארהאָרבעטער.

— זדראַסטיטיע! גוטמאָרגנ האָלעפּופּנ!
גוטמאָרגנ, האָלעפּופּניקעס — כּארבענקט זיכ!
פארשפּילט הייסט עס, — האָט צוגעזעצט זיכ סטופּ
א גראָווער אונ א ביינערדיקער.

ביינערדיק, פּארהאָרעוועט, פּארהאַוועט
אינ שאכטע זיי פּארלאָזנ, זײַנע יאָרנ,
ווי די ליידיקע אונ נידעריקע לאַוועס,
ווי די שטילע אונ פּארלאָזטע קאָרידאָרנ.

ס'האָט קיינער פונ ריבאלקענ ניט געהערט נאָכ,
קיינער ניט — קיינ ברודערלעכע רייד;
א באהאלטענע, ווי אונטער גראָבער קאָרע
געשלאָגנ האָט זײַנ ליבע אונ זײַנ פרייד,

זײַנ „דאַליע",
זײַנע טרוימענ,
זײַנ „פּאָכרעבע";
זײַנ אָסיענ,

זײַנ „מעטעליצע",
זײַנ װינטער...
דאָס ערשטע מאָל, האָט ער הײַנט, פאר זײַנ לעבנ
א זאָג געטאָנ זײ —
קינ—דער !..

א גרויל איז דורכ...
פארפראָשעטע, פארשװארצטע...
סע טיאָכקעט הויכ, סע בונטעװעט דאָס בלוט!
איר װײסט דענ, װי ס'איז מאָדנע אפנ הארצנ —
אומעטיק? צי טרויעריק? צי גוט?

אזויפיל קראפט — מיט „װרובאָװקעס" אונ העק
די ערד! די ערד! —
די ערד כאָטש איבערקערנ!
כאָטש הייב זיכ אופ — אונ גאנװע זײ אװעק
אונ װאלגער די געקאנטעװעטע שטערנ!

סע שמעקט מיט שטיינ; די לופט איז פול מיט ערד,
מיט פרישנ קויל, מיט אורװעלדער אונ ביימער.
צוזאמענ אונדז — צוזאמענ איז באשערט
ריבאלקע איצט — פארװירקלעכנ דעמ טרוימ...

רוימ! רוימ! —
סע האָבנ אפ די הענט געטראָגנ דיכ די קנעכט,
ביסט אופגעגאנ אינ בלוט, אינ בלוט ביסטו געפאלנ.
מיט שײַטערהויפנס — רויטע אינ די נעכט
קומענ אָנ אינ פעטס די פעאָדאלנ.

אוועלכער קלאס?! — אין וועלכער וויסטער נאכט,
אוועלכע זשוליקעס פון וועלכע נאציעס
זײַנען ניט געגאנגען צו דער מאכט
מיט רויב, מיט גאָלד, מיט פּאַלשע אסיגנאציעס?!

נאָר דיר מײַן דאָר —
איז אויסגעקומען נאָר

ארויסגיין באָרוועסע, ארויס אין קאנאַנאדע,
ארויסגיין הונגעריק מיט גלידער־רעוומאטיזם
פון לאוועס פינצטערע — דורך וועגן פון בלאָקאדע
גיין צו מאכט און גיין צו קאָמוניזם...

●

אין שאכטקאַמ צעהאנגענ א פּלאקאט —
און פונ פּלאקאט דער אָנגעמאָלטער יאט:

„ליב די בעסטע שלאָגלער פונ אינדפּלאנ —
יאנקל און זאזוליע און מאנאנ,
ריבאלקע-סטופ, אברול גאלי און כעמא...
נאָכ און נאָכ —
פאמיליעס און נעמענ.

אין שאכטקאַמ איז אָנגערויכערט, לעבעדיק,
מע גייט, מע קומט — די שטוב איז פול און פול;
ס'איז אפי׳ע פריילעכ און בארעדעוודיק
דער סעקרעטאר — דער שטיינהעקער אברול.

אלטע שטיינהעקער, וואָס לאכן אזוי זעלטן,
גלייכן אויס אצינד די קיילעכיקע רוקנס;
די פענעמער, די איינגעקנייטשטע קוועלן
און קוקן פריילעכע אפּ אויסגעמאָלטן סטרוקנ —

אויסגעמאָלט מאליוטען — א זאטשעפּע,
א בולעווע, א לוסטע און א פּלעשל;
די קורצע פּיס זיינע די שיקערע צערעפּעט
און אינ אויער מיט א רינגעלע א מעשנס...

יאנקל דרייט זיך שוין — א קליינינקער א קרוכקער.
— א קארטינע — טומלט מען און לא:ט מען...
דורכ שויבנ אלע פייכטע און פארהוקעטע,
זעען זיך די קאָרפּוסנ פון שאכטע.

און רעדער רויכ זיך טראָגנ צו דעם יאַמ,
דער דרויסנ כמורעט זיך מיט אָנהייב ווינטער,
דורכ פענצטער לויפט א דורכ א באנ.
פרויענ צוויי, א בינטל קינדער...

— נו, אי ויטער — איז אריינ מאליוטע —
— זשאלאָוואניע
פלאָטיאמ? דא — א?
שאָ, סמיִעטעסיא?! וואָס — אָס באקוקט איר מיכ —
הא—א?!

און גיט א קוק — פארעלטערט און פארהאָרבעוועט
און ס'גיט מאליוטע הייזעריק א כריפּע:

— אָנגעמאָלט מיכ?! — ציטערנ די טאָרבעלעכ
אונ די אונטערשטע די גראָבע ליפ...

— וואָ—אָנ!—האָבנ געגוואלדעוועט שאכטיאָרנ—
— טרײַב אימ!..
— יאָג פונ די זאבויענ!..

...גויימ, גויימ! — ווײ איז מײַנע יאָרנ,
אז איכ לעב גאָר אינ אזא מינ גאזלעוויע —

אונ שטײט א דארינקער אונ רירט זיכ ניט אפילע,
קוקט דערשראָקנ אונ פארכמורעט פונ דער זײַט.
ווענ אינ שאכטקאָמ איז שוינ געוואָרנ שטילער
האָט ער א טראכט געטאָנ —
ס׳ איז, יאנקל, צײַט!

צײַט זיכ אָנהייבנ פאמעלעכ ערגערנ
באנעצנ זיכ א ביסעלע די וויִעס;
אפנ דארנ האלדז איז ארומגעלאָפנ דאָס גערגעלע,
ווענ ער איז צוגעגאנגענ צו גאליענ:

— כאווער סעקרעטאר
סע שטארבט אינ דער היימ מײַנ מאמע,
איכ וועל ניט אויסהאלטנ, איכ קענ שוינ מיינ ניט
דערלויבט אוועקפאָרנ. זעט די טעלעגראמע,
אונ אָנגעהויבנ וויינענ.

צווײ אויגן נעבעכלעך — צווײ קלײנע אופגעהויבן
אזעלכע טרויריקע, אזוינע נאסע —
אָ, יאנקל קען — ער גיט א קוועטש די אויגן
און ס׳ זעצט פון זײ דאָס בלויע וואסער...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

... און זיך פארנײגט, מער שוין ניט גערעדט,
גיך גענומען אים — דעם פראָפבילעט,
א צײגעניש,
א שטאמפ.

א דאטע און א יאָר.

„מיט דערמיט ווערט באשטעטיקט, אז נאזימיק
יאקאָוו דאווידאָוויטש, א שאכטיאָר...
פאָרט אהיים...
און איז א פרײלעכער ארויסעט פון שאכטקאָם!
— אָ, מאמע מײַנע — וואָס איז פאר א מיטינג?
מאליוטע שטײט אינדרויסן מיט א לאָמ
א שיקערער און „פאטערט זיך די שטימונג”.

ארום אים — שאכטיאָרן פול און פול,
ער זידלט זיך און רופט איצט אלעמען,
שלאָגט זיך אינעם הארצן מיט קולעקעס,
שרײַט און גוואלדעוועט:

— האָנעש? טרײַבסט מיך?
אן אײגענעם? —

אן אייגענעם באליידיקט!
אלע יאָר געטרוימט זײַן א „כאזײַען"
געפֿט געקליבן — און געבליבן ליידיק.

ער דריקט די בופֿעווע, די שווערע אין די דלאָניעס,
ער קוקט זיך אום, ער בלײַבט א רעגע שטיין,
אראָפּ אין באלקע — צו דער אלטישטקער קאָלאָנע
לאָזט ער זיך פּאוואָליע גיין.

ער האָט א שטיבל דאָרט — „א צאצקעלע", דאָס בעסטע,
א גאָרטן און א אויסגעשניצטן גאנעק.
די גרויסע צוויי פּירעקעכיקע פענצטער
פארשטעלט דער רויך —
פונדאָרטן און פונדאנען;

פון באנען הונדערטער די גראָבע רעדער פּארע,
דער רויך פון קוימענעס, פון ברענענדיקן שטיין
זיך מישט צונויף פון אויבן מיט די כמארעס
און הענגט געדיכט און שווער אפן באסיין...

— דאָנבאס!
אדיע! די גאנצע שפּיל איז אויס!
ער שליאָפּעט גיך, ער באָמקעט זיך א לידל,
אין גרויסן סטעפּ — א פליגעלע די גרויס
קוקט זיך אום איצט יאנקעלע צופרידן:

הייבערס קרעכצן ווײַט און דרייען מיט די קרוקעס,
סע ווידערקאָלט דער סטעפּ מיט רויטן גוואלד פון שטאָל.

—עכ, דאָנבאס! איך זאָל דיך מער ניט אָנקוקן,
איך זאָל שוין זען דיך דאָס לעצטע מאָל!

איך לאַך פון זיי!..
מע האָט מיך אויסגעשלאָסן!
— פארדראָסן בראָטן אים, די סינע ברענט אים —
ער נעמט דעם גראָפבילעט, — היי, מייַן פארנאָסע־ביכל —
און פאטשט אין פלייצע זיך — דו ווערסט א מענטש שוין!

— מאָסקווע, מאָסקווע,
טייערינקע מאָסקווע!

פון אלע זייַטן רוען ניט די טירן,
אין אינסטיטוט באַרינגלען אים סטודענטן,
ער קומט אריַין; ער קומט מיט די פאפירן,
מיט אזעלכע, מיט אזוינע דאָקומענטן.

מיט אזוינע, מיט אזעלכע אין קאָמיסיע
און אין קאָמיסיע — אן איינער
א שווארץ־יאָר:
— כאוועր, דייַן פראָ—פע—סיע?
— פראָפעסיע? —

— שא—אך—
טיאָ—אָר!..

און אויב פארקערט? און טאָמער וועט גאָר אָנטראָגן
און טאָמער וועט זיך, יאנקעלע, גאָר עמעצער דערוויסן...

װעסט זיך אױסדרײען, דו װעסט זײ זאָגן!..
און שליאָפּעט שטיל, פּאמעלעך מיט די פּיסלעך —

און בא קאזארמע־טיר, אַ קלײנס, אַן אױסגעדארטס,
האָט יאנקל אפּ א רעגע זיך פּארהאלטן:
װי א הינטעלע, א טױגעניכץ, א שװארצס,
װאָס האָט דעם עק אראָפּגעלאָזט, באהאלטן.

ער הערט זיך אײַן—מע זינגט פון „סטװאָלאָװ",
די שאכטע־ליד, די טראָװעריקע, גראָװע
װי דעם שטארבנדיקן יונגן „טאָרמאזנױ"
באװײנט האָט עס מארוסיע די לאמפּאָװע;

די שאכטע־ליד, די ליד פון האָרעװאניע
דערמאָנט זיך װען אן עלטערער שאכטיאָר,
און „מארוסיא"—די שאכטיאָרישע „סטראדאניע"
פּארציט מען דאן אין גרויסן קאָרידאָר.

און ס' װערט אזױ פיל הארציק אין קאזארמע,
בא טישן זיצנדיק, בא פּאָשעטע פון ברעטער,
צי אין צימערן—אזױ זיך אין דער װארעמקײַט,
ליגנדיק פּארמאטערט אין די בעטלעך...

אין בעטל אָנגעשפּארט געשלאָפן איז מאנאן,
און כעמע דרײט זיך גלאט אין צימער איצט ארומעט.
סע װאקלט זיך א רױקער דער פלאם,
א בלױלעכער אין הרובקעלע טשאװונעם.

איבער דעכער, איבער קוימענעס—א ראָד,
די רויטע ראָד — די זון, דער רויטער שטיין
לאָזט זיך שווער פון יענער זייט זאוואָד,
און כמורנע ווערט, און שטרענג ווערט אין באסיין.

און ליב איז אים די כמורנעקייט פון וועטער
ער האָט עס ליב, ער ווערט איצטער פארטראכטער;
סע דערמאָנט זיך איצט דאָס אָסיענדיקע שטעטל
די קאָמיוגישע פארנומענע פארנאכטן.

אין געסלעך בלאָטיקע, ווערט דעמלט אזוי ליידיק,
ער גייט ארויס. ער לאָזט אין קלוב זיך כעמע;
יאטן נעמען זיך צונויף—מע זעצט אוועק זיך ריידן
אין פייער־שטיבל, אין צימער פונעם קעמערל...

געארבעט דאָרט, געווען אינעם אקטיוו.
אויסגעוואקסן. עלטערער געוואָרן.
די יוגנט האָט מען ביסלעכווייז צעשיקט,
צעפלויגן און צעזייט זיך און צעפאָרן.

— ווו זייט איר איצט? וואָס מאכט איר, מיינע יאטן?
דאָס לאנד איז גרויס און איר זייט פיל און פיל!..
... ס׳קער דערמאָנען אים די מאמע, צי דער טאטע,
זיין קליינינק שוועסטערל קער קומען איצט פון שול.

אזוי פיל יאָר — אזויפיל יאָר אין שטעטל
כעמע האָט פון שאכטעס נאָר געהערט,

ער האָט געוווּסט פונ שנײַדערײַ דאָס שטעפּנ
אונ ווי דער זיידע זײַנער קאָוועט פערד.

געוווּסט אוראל, געהערט פונ א סיביר
נאָר ניט געוווּסט, ווי אהינ דערלאנגענ...
— דו זיצסט גאָ-אָר דאָ־אָ? — געעפנט האָט די טיר
אונ ס'איז ארײַנגעגאנ פארוווּנדערט יאנקל —

— דו זיצט גאָר דאָ-אָ? מ'האָט דאָכ געבראכט מאשינעס!
איכ זאָג דיר: כאָדראָמ די שאכטע גייט.
דערבײַ געמאכט אזא מינ פריילעכ מינעלע,
וואָס ער האָט באמ ארײַנגאנג נאָכ פארגרייט.

אונ צוגעגאנ א דארינקער צו כעמענ,
(ס'איז כעמע מענלעכער, א ביסל פולער).
א טיפער קנייטש זיכ לייגט צווישנ ברעמענ,
ער ווערט פארהאָרבעוועט אונ ווערט סוטולע:

— איז וואָס-זשע פרייסטו זיכ? היי, קליינ קאפאָרעלע,
דו פאָרסט, מיזיניקל, דו פויפסט דאָכ צו דער מאמענ!
— נו, זאָג אליינ — איכ מוז אוועקפאָרנ?!

ווייסט דאָכ — זע,
נו, זע, די טעלעגראמע...

אונ עפנט אופ זײַנ פיצעלע קאָרזינקעלע,
אונ קוקט א גליקלעכער אצינדער אפ זײַנ רײַכטומ:

ספּראָווקעלעך,
דאָקומענטן,
פּאַפּירן
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
ס׳וועלט גליקלעך מיטאַמאָל דאָס פּאַסאַזשירל:

— בעמעניו! — איך בויע ניט קיין מאָרגן,
א קאַמף פאַר עקזיסטענץ און ניט קיין טרוימען פאַרעוועו,
איך וויל פאַר קיינעם ניט, איך וועל פאַר זיך נאָר זאָרגן
און ניט קיין קלאַסנקאַמף, נאָר קאַמף לויט דאַרווינען...

און איז אַרויס...
בעמע האָט פאַרבידעשט
לאַנג אים נאָכגעקוקט סוטולע פונעם אָרט:

— סוואָ־אָלאָטש!
— ס׳איז דאָך ניטאָ אַפ יידיש
אזא מעכייעדיק און גלענצנד וואָרט.

און גיך געלאָזן זיך פון ווינקעלע צו ווינקל
ווי ס׳טרעפט מיט אים, ווען עפּעס אַרט אים —
אופגעשלאָסן יאַנקעלעס קאָרזינקעלע
גענומען זיינע זאַכן צו באַטראַכטן:

צווישן בלוזעס, האַלדז־טיכלעך און גרעט —
א „מאָפּר״־ביכעלע, „אָסאָ״ און „קינדער־פריינט״
א סטודבילעט, א פּראָפּבילעט —
וואָס ער האָט אויסגעקליאַנטשעט הײַנט;

פּאָטאָ־קארטעטשקעס, צײַגענישן, בריוולעך
נארישע קאָנטאָרע־בלאנקען...
און וואָס האָט דאָ ניט אָנגעגאנוועט יאנקל!

מאנאנ!
מאנאנ! —
האָט כעמע זיך דערפרייט —
זע נאָר וויפל! זע — ער וועט קראפּירן,
זע נאָר ווי ס'האָט יאנקל זיך פארגרייט —
און האָט א וואָרף געטאָן אין הרובקע די פּאפּירן.

און ספּלאקערט רויט אין הרובקעלע דער פלאם,
סע ברענט דער וואלד פון גרינענדיקעביימעלעך
און ניט קיין וואלד—א גרויסער יאם,
א יאם פון מוישעלעך, פון שטילע שלוימעלעך,

פון גרינעם גראָז — פון שול, פון הויכן בארג,
פון קלאָרן ציגעלע, פון זײַד פון נאציע,
וואו אלע וועגן גייען דורכן מארק,
דורך כאָכמעלעך, דורך ספּעקוליאציע.

— דורך כאָכמעלעך,—האָט כעמע איצט גערעדט,
געוואָרפן די פּאפּירן אינעם הרובקעלע,
די רויטע טאָוועלעך פון יאנקלס פּראָפּבילעט
ברענען רויט און קאָרטשען זיך אין טרובקעלעך.

ער האָט א בלאָז געטאָן, אראָפּגעשארט די אש.
ניט דערקענען זאָל, — צוריק פארמאכט עס.

אָנגעטאָן דאָס היטל דאָס באַראַשקענע,
אַרויס פון שטוב. געלאָזן זיך אין שאַכטע.

ס'איז בלאָוו. פאַרנאַכט. און גלײַך ווי אַף אַ דלאָניע
קאַזאַרמעס הייבן זיך געבאָוועטע פון שטיין;
קאַיוטעס נידריקע פון אַרבעטער־קאָלאָניע,
באַראַקעס היפּצערנע און כאַטקעלעך פון ליים.

אַף אַלע ליניעס אַזוי פיל שוואַרצע באַנען,
געקלאַנג און ראַש און ליאַזג פון די מאַשינעס.
פון מעטאַלורגישן — הערן זיך די האַמערס,
די קריצעניש פון די „פּראָקאַט-סטאַנינעס".

דורך אַלע שטיבעלעך דערקאָנט ער זײַן קאָנטאָרע
אַף מײַלן־ווײַט — זײַן שאַכטע־ראַמע גרויט,
דער הויכער באַרג — דער גליי מיט דער פּאָראָדע,
דער שאַכטע־הויף, דער נידעריקער פּלויט...

אין שאַכטע זיך געענדערט, זיך געביטן.
ניט דערקענען שוין דאָס באָכערל, דאָס יידישע.
די האָר אַרויסגעלאָזט, אַרופגערוקט דאָס היטל,
גייט ער דורכן אָוונטיקן יישעוו.

און שאַכטעס גייען אויף ווי גרויע בערג פון אויבן
אין סטעפּ פאַרהאָרבעטן, וואָס ווערט ניט עלטער,
און שווערע קוימענעס זיך הייבן פון די אויוונס —
די גראָווע שטיינערנע דאָנבאַסער וועלדער.

— היי, וועלדער שטיינערנע — די בעסטע גרויסע אייך!
מיט פרייד און בענקעניש געפארן קיין דאָנבאַס,
פון שטעטל אָנגעקומענע בויען די אינדוסטריע,
געקומען אף פאַרניכטן שוין די קלאַסן —

ס'זאָל ווערן פרייד! ס'זאָל ווערן עפעס וואַרעם,
אַזוי פיל שניי געווען אין אונדזער לאַנד!
ער שטעלט זיך אָפּ, — פון טרעפּ פון דער קאַזאַרמע
לאָזט זיך שפּרינגענדיק אַראָפּ יאַנקל.

ער האַלט אַ רענעצל. ער פאָכעט מיט די הענטלעך,
ער לויפט צו סטאַנציע, — פאַרשווינדט אין הוילן סטעפּ.
— היי, נאַ אַ זאָנטיק דיר!
היי, יאָג זיך מנאַכעם־מענדל!
מײַזל! מײַזעלע!
קאַפּאָרעלע — דו לעבסט!

— ס'וועט זײַן גענוג! ס'וועט מער אַזוי ניט זײַן!
איך הער די כרושטשעניש, ווען איר ווילט זיך ניט בייגן.
שטערן! שטערן — קײַלעכיקע שײַן,
ס'איז ברייט דער וועג און קלאָר פאַר מײַנע אויגן.

קלאָר און ברייט...
נאָר לעמפּעלעך און לעמפּעלעך,
ער גרוסט די דריטע איצט, די ליכטיקע, די וואַכטע.
שאַכטיאָרן אַ גוטנאָוונט! — איז אַרײַנעט כעמע,
אַרײַן אין טומלדיקן הויף פון שאַכטע.

אין שאכטע-הויף זיך הוידען די לאמטערנס,
פריילעך ברענען איצט די פענצטער אין קאנטארע,
טעכניקער, מאנטיארן, אינזשעניערן —
א גוטנאווגט, א גוטנאווגט אייך, שאכטיארן!

סע שלאגט זיך אפ מיט שטאלנס בא די שטאלן,
מע פאקט די קאסטנס אויס די שווערע בא דער ליניע,
ס'קלינגט מיט קלינגענדיקער בלויקייט פון מעטאלנס, —
מיט מענשנס און מיט שטאלנס פון מאשינעס.

— כעמא! דו?
נו, גיב א האנט,
וואס מאכסטו? —
אזא מין פרייד האט וואראנאוו נאך ניט געקאנט —

קום! — מאשינעס! — כעמא —
קום אין שאכטע —
מע פרווט דארט נייע אויס בא דיר אין האריזאנט...

...און דרייענדיק א וויסטער זיינע אויגן
א צעקנייטשטער, א באהאלטענער, א זאווערער
האט מאליוטע גיך פון גאנעקל
זיך אופגעהויבן,
דערזעענדיק פון וויטן וואראנאוו.

— בעסטיע! — געשאלטן האט אים סטרוק —
פארטריבן מיך?!..

אנטרונען אינעם „קאָרב״ באַלד
און אין שאכטע שוין געזאָגט האָט ער „קאַיוק״,
קריכנדיק אין פינצטערניש פאַרהאָרבעט.

וואַגאָנעס שטייען צוויי, זיי שטייען בײַ די בלאָקן.
סע קרעכצט דער „קרעפּ״. ס׳איז קיינער ניט פאַראַן,
סע קריצט דער טראָס — און זיך אַליין דערשראָקן
פאַר זײַן פּלאַן:

אָפּטשעפּען וואַגאָנעס פון די טראָסן,
פון באַרג אַזוי — צעלאָזן זיי אַראָפּ,
וועט וואָראָנאָוו באַוויַיזן זיך — צעלאָזן זיי
פאַרוואַלגערן — און האָדיע מיטן קאָפּ...

...דער קאָרב איז סווישטשענדיק געפלויגן מיט די מענטשן,
סע שווינדלען ברונעם־ווענט, נאַרשימלטע און האַרקע,
וואָראָנאָוו געשטאַנען איז אַ פרייליכער אין פרענטש
(פאַרגעסן אָנטאָן אינעם טומל די שאַכטיאָרקע),

— ווי־ניט־ווי —
נאָך פײַערלעך, שאַכטיאָרן,
מע שטעלט קאָנווייערס אײַן. סע קלינגט מיט שטאָלנס דינע.
מיט שווערע דאָלעטעס זיך פּאָרקען די מאָנטיאָרן
און גרייטן צו די נעסטן פאַר מאַשינעס.

מע האַקט דעם שטיין. מע ליגט, מע צעמענטירט,
מע מאַכט אַן אונטערערדישע „סטאַלאָווע״...

אין געלער ראָד פון צאַפּלדיקער ליכט
איז נאָכגעגאנגענע כעמע וואָראָנאָוונ —

— כעמא, הערסט? —
סע הודעט אינעם פּלאַסט!
מאשינעס ריזענ שוינ, אונ ס'ענטפערנ די שטיינער.
א־הו, א־הו — סע בולבעט זיך דאָס וואסער.
— לעבעדיקער! היי!
— אידיאָמ!

אינ נאכט די אויגנ זיינע ווערנ גרויסע, גרויסע,
אינ נאכט דערגייט צו זיי דער קאָל דער מינדסטער.
— פו, אינ דר'ערד אריינ! אפ עפּעס אָנגעשטויסנ
אונ ס'ענטפערט מיט מעטאלנס אינ דער פינצטער,

(אָפּגעטשעפּעט שטייענ וואגאָנעטקעס.
דער „אָפּנייג" פאלט מעשופּעדיק אונ גראָ....)

— צי ס'דאכט זיך מיר, אז עמעצער איז דאָ?
— סא ווידערקאָל!
— ס'איז קיינער דאָ ניטאָ!

א שלאנג איז דורך — די שרעק איבער זיינ פּאָנעמ
— כעמא לויפ — נו לויפ צו אימ — אונ רופ!
רוקאָ־יאטשיק! היי דאָרט —
די וואגאָנעס!..
זאָל ער זיי דערלאנגענ אפ ארופ!..

זאָל ער זיי דערלאַנגען!.. אין דער ערד!
און האָט זיך אויסגעדרייט — פּאָדליוקעס! — און אוועק.
אַזאַ שטילקייט האָט נאָך קעמע ניט געהערט,
ניט געזען אַזאַ פינצטערניש אין שטרעק.

ער הייבט דעם לאָמפּ. דער קרומער קרייַז ווערט העלער
און ערגעץ ראַשט דער וואַסערפאַל — דער ווינט.
שטיינער! שטיינער! פונוואַנען אַזאַ עלנטקייַט,
אַזאַ מין גוואַלדיקע דערפילט ער עס אַצינד?

ער לויפט אַפּגיך. ער יאָגט אַראָפּ, אַראָפּ,
אַ פייַער שווינדלט דורך און ווערט באַלד גיך פאַרפאַלן.

ער גיט אַ גליטשע זיך. ער שטעלט זיך אָפּ.
ער לאָזט פאַמעלעך אַראָפּ זיך אָפּ די שפּאַלן,

סע ציט זיך ווייַט די טויבקייַט פונעם „שטרעק״
— ווו ביסטו?
רוקאָ־יאַ־אַטשיק!
אָ־האָ־אָ!

פונוואַנען וואַקסן זיי די בערג מיט שרעק,
ווען קיינער איז ניטאָ?

ער גלייבט אין שיידים ניט,—נאָר וואָס איז פאַר אַ צווינטער?
און וואָס פאַר אַ דערהאַרגעטער שאַכטיאָר?
ער האָט זיך מוירע אומקוקן אָפּ הינטער,
און ס׳שטערן שווער און ברענען אים די האָר.

מיט טויזנט מוראשקעס גייט דורכ און דורכ די גרויל,
ער מאכט זיכ הארצ — היי, כעמע, ביסט א יינגל!
ס'זאָל ווערנ היימלעכער — ער עפנט אופ דאָס מויל
און הייבט אָנ הויכ און אפ א קאָל צו זינגענ:
Славное море
Священный байкал
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

היי, בארגוזינ, דו באוועג נאָר דעם וואל...
ענטפערט דער ווידערקאָל —
ענטפערט: בייקאל...

— כטאָ צע פּאָיאָט טאמ?! — הייבט אופעט זיכ סטרוק.
— זינג ניט! — האָט בייז זיכ מאָליוטע פּארהאָרבעט —
שווייג, אינ דיינ מאמענ, וואָראָנא, בייסטרוק —
בלאָזנ זיכ אָנ בא די אויגנ די טאָרבעס.

ניט אונטערצושיידנ — שטייט ער עס גראָוו,
גראָוו ווי די שטיינער און בורטשעט און כריפּעט:
זינגענ הער אופעט! היי,
Цыть,
וואָראָנאָוו,
וויגט זיכ זיינ אונטערשטע פלײשיקע ליפּ.

און ס'וויגט זיכ זיינ לעמפּל, ווי ער וואָלט א שטערנ
גענומענ פונ הימל — און אונטנ דערברענט ער.
כעמע שטרענגט אָנ זיכ, — ער וויל אימ דערהערנ —
— איכ! — שרייט ער הויכ און מאכט מיט די הענט אימ,

ס׳איז איך! — שרײַט ער הויך — היי, היט,
ניט פארטשעפעט,
אָ — האָ — די וואגאָנעס!!
ווער גייט דאָרט? ווער גיי — ייט!?..
היי, היט דיך דאָרט!
שטייט!

— פוכנע אַליורא! באָ — אָך, און זאָל ברענען!
און ס׳פליִען מיט בראזג און מיט ליאזג די וואגאָנעס.
— ראטעוועט! הי — לפ! — האָט געוואָרפן זיך כעמע
געוואָרפן, פארגראָבן אין שטיינער דעם פאָנעם.

מעשוגענע שטיינער! מעשוגענע, הארטע!
א פרייד כאפט ארום זיי — די קרוכקע, די גראָדע,
זי רעוועט און וויגט זיך — זי צאָלט אָפ די שאכטע
פאר יעדער גענומענער טאטשקע פאָראָדע.

סווישטשעט דער ווינט —
אהו — הו —
און אוועק
קייקלט זיך,
קייקלט זיך איבער שטרעק

און ס׳בוכקען די שטיינער
און יאָגן זיך נאָך —
באָ — אָ — האָך
באָך! —

פליִען און פליִען די שטיקער וואגאָנעס...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אום איבער דער שאכטע סע לויפט די לעוואָנע,
די לעוואָנע איז רויט, די לעוואָנע איז גרויס,
פארקריכט אין א כמארע און לויפט באלד ארויס.

די ערשטע כאפט אויף מיט א גוואלד זיך א פרוי...
פארגייט זיך דער ערשטער הודאָק מיט געוויי,
און נאָכדעם הייבט אָנעט צעצויגן „מאריִע"
און הייזעריק וואָיעט און בעט זיך „בוטאָווקע"
און העכער פון אלע פארגייט זיך דער „ניס",
פארגייט זיך „גלאדקאָווקע"...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

●

סע ראַשט דער קויל. סע שמעקט די נאַכט מיט פלאַם,
מיט שוואַרצע קוימענעס, מיט אויוונס און לאַמטערנס —
דאָנבאַס פאַרדעקט מיט שווערן רויך דעם יאַם,
דאָנבאַס האַקט אויס אין בלאָווע יאַם די שטערן.

דער הימל ברענט. ס׳איז אַ געשריי פון שטאָל.
ס׳איז ניט די זון — מע עפנט אויף די דאָמנעס.
ס׳פאַרגייט אין רויך — די לידער און דער טאָל,
די ערשטע וועלט פון שטערן און פון לאָנקעס.

מיט ראַש און רויך — אין סטעפּ די וועלט די צווייטע
זי רעדערט אויף די ערד מיט שטאָל פון אירע שינעס.

און ניט פון שטערן, פון קאָוויל און קווייטן, —
ס׳גייט אוף די וועלט פון מענטשן און מאשינעס.

סע גייט א צוג. די גרויסע צוויי לאמטעונס —
צוויי גרויסע סטויפעס ליכט באשײַנען די קאזארמע.
כעמע הייבט זיך אוף. זײַן גאנצער קאָפּ איז מארליע.
א רויטער שראם שנײַדט דורך זײַן הויכן שטערן.

אניע שטייט לעם אים. זי וויל ניט ריידן.
זאָל טונקל זײַן — ניט אויסדרייען די ליכט!
אין גרינעם שאלעכל שטייט אָנגעשפארט דאָס מיידל,
און רויטע דאָמנע־שײַן זיך וויגט אפ איר געזיכט.

לעניו לייענט איצט די „פראוודע״ אין פּאָרטרעט.
לעוואָנע קוקט ארײַן — אן איבעריקע, פרעמדע.
א טיש, אפטייק־פלעשלעך און עטלעכע רעצעפּטן,
מע זעט די קנעפּלעך אזש בא כעמען אפן העמדל.

דער הימל ברענט. מע הערט סע ראשט די שאכטע.
מע זינגט אין גאס. דער הימל שמעקט מיט בונט.
— איז, כעמא, זאָג — נו, איז דערצייל וואָס מאכסטו?
— גאָרניט, אניע,
גאָרניט — כ׳בין געזונט.

סע ווילט זיך לאכן נאָך — אז טאָמער איז מיר קארג,
איז פונעם שטעטל נאָך א בריוו אהער געקומען,
אין שטעטל רעדט מען שוין, אז איך בין א דערהארגעטער,
פארשפרייט א קלאנג, אז איך בין אומגעקומען.

יאטנ! יאטנ!
גוטע מײַנע,
ליבע!
ער האָט אינ שטעטל הײַנט א בריוו געשריבנ:

„א גוטמאָרגנ, כעוורע! — ווער האָט אויסגעטראכט?
נו, זאָגט אלײנ — ווער איז ער דער גוילעמ,
וואָס זאָל באגראָבנ מיכ אינ אזא גוטער נאכט,
באלײגנ גאָר אינ ד׳ר ערד אפנ בעסוילעמ?

איכ ארבעט דאָ. מיר פילנ אויס דעמ פלאנ,
אונ צווישנ בויער, מיטבויער — אונ אלע,
וואָס יאָגנ איבער רעלסנ איצט א באנ,
וואָס ברענענ פאר די בויונגענ דעמ קאלעכ,

וואָס טרײַבנ הײבערס אומ, וואָס ארבעטנ איצט גוט, —
אויכ איכ בינ דאָ, אונ ס׳קלאפט אינ שטײנ מײַנ קירקע,
אונ איכ בינ גליקלעכ איצט, וואָס אויכ מײַנ ביסל בלוט
קלאפט אנ אומרויִקס בא אונדז אינ דער געשיכטע.

איכ בינ געזונט, מ׳האָט פאָשעט אויסגעקלערט.
איכ פיל זיכ גוט"...

— — — אונ ס׳האָט פארטראכט זיכ כעמע:
ער פילט זיכ שלעכט!..
ער ווײסט ניט שרײַבנ דאָס...
ניט יעדער וואָר — איז עמעס.

פֿאַראַנ אנ עמעסל — א רויכעלע, א דאמפּ,
ער דעקט ניט אופּ, ער דעקט נאָר צו די קריגנ.
ס'איז עמעס יענצ, וואָס העלפֿט אונדז מיט אינ קאמפּ,
אונ מעג דאָס זײַנ פּאר אנדערע א ליגנ...

„איכ פֿיל זיכ גוט — כאווײרימ מײַנע — זײער.
שיקט גוטע יאטנ צו אונ קומט צו אונדז אינ שאכטע.
מיר וועלנ זענ זיכ אונ זיכ דערפֿרײענ
דערווײַל, כאווײרימ —
האָט א גוטע נאכט!"...

א ווילע נאכט — עכ, אניע — זאָגט ער — הער
כ'האָב אָפּט פֿארשוויגנ זיכ, ס'איז אָפּטמאָל שווער...
נאָר ווידער נעמענ זיכ —
אונ שטרענג ווערט זײַנ געזיכט
— מ'האָט מאליוטענ זאָגסטו, אניע ארעסטירט?..

זי וויל פֿארערנ אימ. זי הײבט אָנ לאכנ, לאכנ,
זי דרײט זיכ אויס — אונ זאָל שוינ זײַנ גענוג!
נו, פֿארגעס זיכ שוינ! — יעדער טאָג פֿונ שאכטע
שיקנ מיר אָפּעט צוגנ...

ס'איז אוועק בא אונדז אזא מינ גוטע ארבעט,
ס'איז געוואָרנ אזוי פֿרײלעכ, כעמא,
ווערסט געזונט — טרעטסט נאָר צו
צו ארבעטנ
ווערסטו באלד דער סעקרעטאר פֿונ קעמערל...

מ'האָט יוגנט צוגעשיקט. ס'איז נײַע צוגעקומען.
דו הערסט? סע ראשט! — באַווײַזט זי מיט א פינגער אים...
כעמא, ווארט!.. זי וואָלט אים איצט ארומגענומען —
וואָס ביסטו אלץ — אזא פארשלאָסן ייִנגל?

— קום ארויס! — ער וויל ניט זײַן צוזאמען,
א פּאָשעט וואָרט — און ס'ווערט אים ווילער, ליבער.
(מ'האָט דאָס טויזנט מאָל באשריבן אין ראָמאנען,
כ'וועל אָן אנדערש מאָל באשרײַבן דאָס אין לידער).

— קום צום שאכטע! אניא, קום פון שטוב,
ס'איז אזא ליכטיקער, מעכײַעדיקער דרויסן.
דער ייִשעוו פול. ס'איז הײַנט קינאָ אין קלוב.
א ייִשעוו־גאס — א ליכטיקע, א גרויסע:

קאזארמעס שטיינערנע. באראקעס גראָווע, ליים.
און דאכ אף דאכ זיך ציִען ווי די טרעפּ...
אזוינע קלײנינקע זיי ווערן אין באסיין,
אזוינע קלײנינקע שאכטיאָרלעך אינעם סטעפּ —

לאָמפּן... לעמפּ... פארוואָרפן הויך די קירקעס
אנטקעגן גייט מען שוין פון ייִשעוו אין די לאוועס.
מע גייט פון סטעפּ, מע טיאָפּעט אויסגעשמירטע:
— זדראוסטוויטיע — און א גוטן אָוונט, כאווער;

מע גריסט זיך גיך — א שאָקל מיטן קאָפּ —
מע שמייכלט קלוג — זיי זעענדיק צוזאמען.

— גוטנאָוונט שאַכטארי!..
די ליניע און סטאָפ!
כעמא, זע! — האָט אויסגעשריִען אַניע —

אנטקעגן פליט און קלאפט מיט רעדער רויך אין סטעפ,
און ס׳פליט פארביי א קוילן־עשעלאָן,
ער בוכקעט הייזעריק און קלינגט און שלעפט,
מיט רעדער קלאפנדיק, א שורע מיט וואגאָנעס.

— יאָג זיך! טראָג! דערטראָג דעם קוילנשטיין!
דערפיר! דערברענג! דערפריי די קאָטשעהארן! —
סע ווילט זיך אים — סע ווילט זיך אים ווי קיינמאָל ניט,
ווי קיינמאָל ניט זיך נעמען צו דער ארבעט.

— גראָבן! אויסהאקן! און יאָגט זיך עשעלאָנעס, —
מיט קוילן אָנשפארן און האָדעווען די אויוונס,
און זאָלן יאָגן ליכטיקע וואגאָנעס
מיט פירעקעכיקע שיינענדיקע אויגן...

ער האָט פון שטענדיק ליב דאָס אָנקומען פון צוגן,
אין שטעטל נאָך — אין רויכיקייט אין בלאָווער,
סארא בענקשאפט פלעג ארומכאפן זיין יוגנט,
ווען ס׳פלעג פארמירן זיך אין ווייטן דער פאָטשטאָווער.

פארשווונדן ווייט — א ליכטיקער, א שטאָלענער
און לאָזן רויכיקייט, און עלנדקייט און שא — א
א ווייסע סטאנציע און דריי — פיר באלעגאָלעס...
אין שטעטל, אנושקא —
Когда нибудь была?

א שורע טאָפּאָלג. א זומערדיקער אָוונט.
סע קוויפּט א צוג — יאָגט, צעיאָגט, צעיאָגטער...
— אניא, הער! — און פריילעך זיך דערמאָנט,
כ'האָב זייענדיק א קינד געטרוימט זײַן א קאָנדוקטער.

אומזיסט און אָן בילעטן — איך פאָר דורך פעלדער שטילע,
איך בין א קאָמאנדיר — איך פלי און יאָג פאָרויס!..
און איצטער, אנושקע,
וואָס טרוימען מיר.
וואָס ווילן מיר?

זײַענדיק שוין גרויסע!
ווערנדיק שוין עלטער!
קינדהייט אונדזערע —
מיט באַמבעס אופגעריסענע, צעשטערטע פעלדער!

מיר האָבן ניט באוויזן שפּילן זיך אין זאמד,
דאָס הארץ צעפראלט פאר אלע טויזנט ווינטן,
ווי באָמבעס רײַסן זיך, אין הונגער שרײַט דאָס לאנד,
ווי מענטשן שלאָגן זיך, דערזעען האָט א קינדהייט.

פאָנען פרייען זיך, און מענטשן זינגען,
אָבאָזן שלעפּן זיך און טראסקען שווער...
געווען א שטעטלדיק, א קליינינק יינגעלע —
ניטאָ דאָס יינגעלע — דער פּיאָנער!

— האָסט מיר דערציילט?
— געדענקסט?

— דו ביִנסט געוואַקסן
מיט די קינדער — אין קיין ליאַלקעס ניט געשפּילט.
א פּינעפּיאָריקע — אף דײַנע שמאָלע אַקסל
האָסטו די וועלט א האָריקע דערפילט —

שאַכטיאָרן גרייט זיך... און פון אַזאָוועס יאָם
דעניקין גייט און די טשובאַטע דאָנער,
דײַן טאַטע שטאַרבט... צעפּאַטלט שטייט די מאַמע,
שעלט אין גאָט און שפּײַט אף די איקאָנעס...

— כעמאַ, הער!
איך האָב דאָס, כעמאַ, פֿײַנט!
כ'האָב פֿײַנט דערבאָרונגען, הער אויף צו ריידן!..
— סע העלט און טונקלט זיך אין סטעפּ די שײַן
אף צוויי,
אףביידע.

און ביידע זעען זיי — ביז רויטן הימל אויבן
אין סטעפּ אין אייביקן, וואָס ווערט ניט עלטער,
וווּ הויכע הייבן זיך אין נאַכט די קוימענעס —
די גראָווע־שטיינערנע דאָנבאַסער וועלדער.

און כעמע גייט לעם איר. זײַן ברייטער פּאַס פֿאַרצויגן.
מיט מאַרליע ווײַס זײַן שוואַרצער קאָפּ פֿאַרוויקלט,
און גרויסע אָפענע סע שווײַגן זײַנע אויגן —
די האָר ארויסגעלאָזט, ארופגערוקט דאָס היטל.

און ס'טוט אים באַנק — זי ווייסט ניט פון וואָלין,
ער האָט קיינמאָל ניט געהערט דאָרט פון מאַשינעס...

אין סטעפּ, אין נאכט, אין גערן רויך פון הרודע —
— זאוואָדן אַלע! —
הודעט איצט און הודעט!

ער דארף זי ניט די רו, די אויסגעוויַיסטע דירעכּעך,
די ציטערדיקע פּאַרהאנגלעך, די פּוכעוואטע בעטן.
— האָדיעט קלײנבירגער! —
הערט אוף — עקל!!!

האָבן זיך א שטעלעניו, קוברעווען זיך געלט,
קאניוטשען אין קורין — א הינטל אפ דער קייט?
אונדזערע די וועלט!
אונדזערער — איר טרויער!
אונדזערע — איר פרייד!

צי שטרייקט מען ערגעץ וויַיט אפ אינדזלען פון יאפּאָניע,
צי כמורען זיך אפ לענדער פינצטערע די כמארעס;
מיר פרייען זיך מיט אופשטאנדן, מיט בונטן אין קאָלאָניעס
און טרויערן מיט קינדער היימלאָזע פון אונגארן.

און יעדער פּאָרשריט איצט — א וויַיטער ווידערקאָל!
דאָס איז אופגעבראַלט, די אויגן אָפן...

...כעמא — הער נאָר —
ער, דער מאלאכאָלנער —
ווו איז יאנקל עס? ער קער שוין שלאָפן?..

. . . . . . . . . . . . . . . . .

— וואָ — אָס? אנטלאָ — אָפן?..

* * *

...אנטלאָפן! לויפט! און ווידער א וואגאָן —
סע לויפט דער צוג. די בלויע לופט איז פראָסטיק.
ער שטייט איצט אין א פּאָזע — גלייך נאפּאָלעאָן,
צונויפגעלייגט די הענט — און פּאָרט איצט ער קיין מאָסקווע.

ווידער פּרווּוט זיך... און ווידער פּאָרט אין באן
א שטילס, א דארינקער — מיט אויסגעדארטע זאָרגן,
געהאט אן אייגענעם — א גרויסן פּלאן
א פינעפיאָריקן, זיין לעבן צו באזאָרגן —

א ספּראווקע קריגן זיך... ארבעטן א יאָר...
און נאָכדעם — גוט! דער וועג ווערט ווי א ווירע.
ער דארף נאָר א ספּראווקע —
ער איז א שאכטיאָר,
ער דארף נאָר פּאפּירן...

ער דארף אזוי ווייניק — ער דארף נאָר א סטאזש,
א פּיצעלע סטאזש אפּ געהאָלפן צו ווערן,
א דירעלע ווו, אפּ א מאָסקווער עטאזש
א דירעלע —
שפּארט ער אין פענצטער דעם שטערן:

סע לויפן פארביי אינעם שניי פּאָלוסטאנקעס
אמאָליקע „הויפן” — און איצט קאָלעקטיוון,
שנייען און שנייען זיך טראָגן פאר יאנקלען,
טעלעגראפישע סטויפּעס און הילצערנע שטיבלעך.

שטיבלעך און שטיבלעך... סע שטייט דער קאָנדוקטער,
ער וויל כאָטש פון אומעט א שמועס פארפירן —
נאָר וואָס איז דאָ ריידן? איך ווינקל פארוקט זיך
און הערט, ווי סע שלאָפן געשמאק פאסאזשירן:

— אַך, סארא כראָפען, מע ליגט ווי די קעלבער,
מעט אופשטיין צופרידן אין מאָסקווע זיך מאָרגן...
און איך קען מײַן אייגן, מײַן קליינינק לעבן
ביז איצט ניט פארקוטען, פארקלעפן, פארזאָרגן.

כאָטש האָבן א צימער — ס'איז ליכטיק, ס'איז ווארעם.
אין מאָסקווע פאלט רויִק א גוטינקער שניי.
ער קומט מיט דער פאפקע פארנאכט פון דער ארבעט,
ס'באגעגנט זײַן ווײַב אים,
זי שטעלט עס אים טיי...

עך, סארא גוטינק, סא טײַערינק לעבן!
סע ווילט זיך אים שטילער
און זינגען פאמעלעך
און אָנהייבן זעלטן:

שיין
איז
רייזעלע
דעם
רעבנס
אוי —
ווי אלע זיבן וועלטן...

רייזל!

רייזעלע — ס'איז שלעכט!
עכ, פאסקודנע — קנייטשט ער איין דעם שטערן:
פונקט ניין אייזן — ליג איך אין דער ערד!
וואָס וועט אויסוואקסן? און וואָס וועט פון מיר ווערן? —

א שרייבערל אין זאגס? און עפשער גאָר פארשפילט?
ער פּאָרט אין ערגעץ ניט. סע לויפן נאָך די שפּאלן.
סע לויפט דאָס לאנד פארביי. און ער האָט זיך דערפילט,
א ציגל פון א וואנט, וואָס איז ארויסגעפאלן,

א קליינס, אן איבעריקס. אן וועלטעלע — א קאָפּקע.
א ניט דערדישעטער נאָך קליינוויינז אין די וויקעלעך,
ליגט ער ווי א מייזל אפ דער פּאָלקע,
זוכנדיק די שקאָרינקעס פון גליק זיינעם...

* * *

...און כעמע גייט. לאמטערנס אין דער נאכט
דעם גראָוון סטעפּ אין שטערן איצט פארוואנדלען.
— ס'איז גאָרניט, אנושקע — מיר ארבעטן אין שאכטע!
זאָל ער זוכן זיי — די ראָזשינקעס און מאנדלען...

נאָר זי פארשטייט אים ניט. זי קוקט אים אָן פארוואונדערט:
— וואָס איז פאר א ראָזשינקעס און וואָס איז פאר א וויגעלע?
און לאכט און לאכט — א פריילעכע, א יונגע
Белая коза — הייסט בא איך א ציגעלע?

וואָס־זשע זײַנען מאַנדלען? ל'אַכט זי אַזאַ ראַשינקע,
קען ער ניט ענטפערן — האָסט דאָך מיך פאַרמוטשעט!
און רוקט נאָך אָן דאָס היטל דאָס באַראַשקענע —
דאַכט זיך, — ס'איז ניטאָ גאָר אַזאַ וואָרט אַף רוסיש.

— אַנושקאַ, ניטאָ! — פאַרדרייט ער מיטן קאָפּ —
קום אין הויף, נו קום צו די שאַכטיאָרן;
די קאָרבן הייבן זיך און לאָזן זיך אַראָפּ,
אין הויף איז טומלדיק. ס'איז ליכטיק אין קאָנטאָרע.

סע הוקעט די מאַשין אין ליכטיקײַט אין בלאָווער,
און בלאָוו איז אויך די שײַן באַ גאַנעק פון שאַכטקאָם.
אַ הויכער, מאָגערער אַרויס איז וואָראָנאָוו —
כעמאַ! דו?
— אַ האַנט אַ הער! Живем!

סע ווערט אַ רעדל באַלד, ווי שטענדיק: אינעם פרענטש,
דאָס היטל אַף אַרופ — דאָס לעדערנע, דאָס שוואַרצע,
אַלץ האָט איצט געזאָגט, אַז אָט דעם מענטשנ
איז קלאָר אַצינד און זיכער אַפן האַרצן...

און כעמע פילט — סע ווערט די פרייד אים שווער.
ער דרייט זיך אָפּ, פאַרוקט זיך אין אַ ווינקל.
געווען אַ שטעטלדיק, אַ קליינינק פיאָנערל,
און איצטער גרויס —
שוין אַ דערוואַקסן יינגל

אויסגעוואקסן...

אנדערש... א שאכטיאָר...

ער גייט מיט אלעמען — אין שטורעם איצט געווענדט.

עלטער שוין —

און אונדזער נייער דאָר

נעמט אויכעט שוין דאָס לעבן אין די הענט!

— כאוויירים אלטיטשקע! כאוויירים מײַנע גראָווע!..

שאכטיאָרן קוקן צו — צעקנייטשטע און צעקארבטע

— סיגנאל!

דאווא — אי! — שרײַט העכער וואָראָנאָוו —

הודקא דאיאָש, כאוויירים — צו דער ארבעט!

צו דער ארבעט!

קלינגט דער קאָרב און האקט שוין,

און גראָב און דין — און ס'הודען שוין די שאכטעס.

פון גאָרן סטעפ — דורך גראָווע באיארקעס

סע גייט די וועלט — זי הלישעט אין דער נאכט שוין.

די צווייטע וועלט — פון מענטשן און מאשינעס,

פון קוילן־בערג, פון אויוונס, עסטאקאדעס!

מיט לאָמפּן אין די הענט — א שטערנדיקן הימל

טראָגן אין דער ערד

בריגאדע נאָך בריגאדע.

די קירקעס הייבן זיך...

און כעמע דרייט זיך אויס:

די אויגן ;שמורען זיך —
דער הימל
קלאָרט!
די גאַנצע ערד — אַן אַלטע און אַ גרויסע
רירט זיך שווער און סקריפּענדיק פון אָרט,

זי רירט זיך שווער אַ קײַלעכיקע איצטער...
אַן אָנשפּאַר לאַנג געזוכט האָט אַרכימעד.
געפונען אים! געפונען אים דעם שטיצפּונקט!
מיר דרייען זי, מיר קערן זי די ערד!..

יול 1930 — מאַרט 1932

# אינהאלט:

